אברהם רייזנוויין

# ארץ ישראל
# אין אידישען לעבען
# און ליטעראטור

ארויסגעגעבען פון
פארלאג „קאנאדע“
1921 - - תרפ"א

דעם אנדענקען פון מיין פאטער חיים שלמה רייגוויין ע"ה געווידמעט.

כל הגאולות שעברו עלינו היה אחריהם שעבוד, ראשונה חזרו ונשתעבדו, שניה חזרו ונשתעבדו, שלישית חזרו ונשתעבדו, אבל גאולה זו שוב אין גלות אחריה.

(פון מדרש).

# אינהאלט:

# אַ קורצע ערקלערונג.

אין דער פארליגענדער ארבייט וועגען דעם ארץ ישראל מאטיוו אי אין דער אידישער ליטעראטור און אי אין דעם אידישען לעבען, האָט זיך דער שרייבער באצויגען צו זיין אויפגאבע מיט דער גרעסטער אביעקטיוויטעט, אויף וויפיעל אזא באציהונג איז בכלל מעגליך.

אזוי האָט דער שרייבער דורכגעלאָזען די גאנצע רייהע ווערק פון פיעלע מאָדערנע אידישע שריפטשטעלער, וועמען מען קען חושד זיין אין זיין טענדענציעז, דורך ווערען מאכען ציוניסטישע פראָ־פאגאנדע. צוליעב דערזעלבער אורזאכע, זענען אויך אויסגעלאָזען געוואָרען די ווערק פון הר. טעאדאר הערצל, פינסקער, זאנגוויל, און אַ רייהע אנדערע שריפטשטעלער, וועלכע זענען, אָדער זענען געוועזען טעטיג אין דעם מאָדערנעם ציוניזם. צוליעב דערזעלבער סבה איז אויך אויסגעלאָזען געוואָרען די גאנצע ציוניסטישע אגי־טאציאָנס־ליטעראטור און אַ רייהע אנדערע עהנליכע שריפטען.

ווי ווייט דעם שרייבער פון דיעזע שורות איז באקאנט, איז דאס דער ערשטער פארזוך צו זאמלען דעם ארץ ישראל מאטיוו, ווי ער איז צעוואָרפען אין דער גאנצער אידיש־העברייאישער ליטעראטור. די געצעהלטע זאמלונגען וועלכע מיר פארמאגען ווי דער "ילקוט ארץ ישראל", פארענדיגען זיך מיט דער תלמודישער ליטעראטור, און לאָזען אין גאנצען אויס די ווייטערדיגע עפאכען. דאָס איז אלזא דער ערשטער פארזוך, צו דערפיהרען אזא זאמלונג ביז דער לעצטער צייט.

אין דער זאמלונג פון די מאטעריאלען, איז אין גאנצען אויסגע־
לאָזען געוואָרען דאס ארץ ישראל'דיגע, געזונגען פון ניט־אידען, ווי
למשל אזעלכע ווערק ווי דזשאָרדזש עליאָט'ס ציוניסטישער ראמאן
„דניאל דעראָנדע" א. ד. ג.. פאר'ן שרייבער איז געוועזען אינטערע־
סאנט נאָר דאָס ריין־אידישע, אויסצוגעפינען ווי ווייט דער ארץ
ישראל מאטיוו איז ענג פארבונדען מיט אונזער אייגענער שאפונג,
אָנהויבענדיג פון אונזער גרעסט ווערק דעם תנ"ך, און ענדיגענדיג
מיט אונזערע מאָדערנע דיכטער.

אמת, די פאָרליגענדע זאמלונג איז נאָך ווייט פון צו זיין
פאָלשטענדיג, אָבער נעהמענדיג אין באטראכט, אז מיר האָבען
דערווייל נאָך ניט קיין אקאדעמישען קרייז פון לעזער, וועלכע זאָלען
זיך קענען גריבלען אין פיעלע בענדיגע זאמלונגען, האָט זיך דער
שרייבער באמיהט, איבערצוגעבען בלויז דאָס וויכטיגסטע פון יעט־
ווידער פעריאָדע, איבערלאָזענדיג פאר דער עפענטליכער מיינונג
דעם אורטייל, אויף וויפיעל די אויפגאבע איז איהם געלונגען.

א. ריינוויין.

״די ווילדע טויב האָט איהר נעסט, דער פוקס זיין נאָרע, די מענשהייט איהר לאנד — ישראל נאָר דעם קבר״, — אזוי האָט כאַראַקטעריזירט דער פאעט לארד בייראָן אין זיינע ״העברייאישע מעלאָדיען״ דעם אידישען שיקזאל, דאָס אידישע פּראָבלעם. דער קריסטליכער דיכטער האָט קיין ענטפער אויף דער אייביגער אידען־פראגע ניט געגעבען, אבער דאָס אידישע לעבען האט יא געזוכט צו געבען אַן ענטפער אויף דעם. דער ענטפער איז מעהרסטענס געווען ארץ ישראל. דיזע תשובה אויף׳ן אידישען פּראָבלעם — די ווידער אויפלעבונג פון ארץ ישראל, איז אָבער דערוויל ניט דער ענטפער פון דעם גאַנצען פאָלק, עס האָט די לעזונג אי פריינד אי פיינד, אי אָנהענגער, אי געגנער, און סיי די געגנערשאפט, סיי די אנהענגערשאפט איז לעצטענס געוואַקסען, זייט די ארץ ישראל פראגע, — ארץ ישראל אלס אידישע היים, איז געוואָרען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראגע.

אין די פיעלע יאָהרען פונ׳ם ציוניזם איז גאַנץ אפט פון איין זייט דערמאָהנט געוואָרען דער פאַל, אַז פּאַלעסטינא לעבט אין דעם בלוט און פלייש פון דעם אידישען המון, און אַז די בענקשאַפט נאָך ארץ ישראל איז איינגעוואָרצעלט טיעף אפילו אין דעם הארצען פון דעם געגנער, פון דער צווייטער זייט אָבער, פון דער געגנערישער, האָט מען ניט נור דיזע בענקשאפט און פּאַלעסטינא־געפיהל אָפּגעלייקענט, נאָר אפילו די גאַנצע אידישע ראָמאַנטיק, איז פארניינט געוואָרען, און פונקט ווי מען האָט פון איין זייט איבערטריבען, און דערגרייכט דעם העכסטען שטאַפּעל פון איבערשאַצונג, אזוי האָט מען פון דער צווייטער זייט, אַלעס צו קליינליכעם געמאַכט, און ניט געזעהן אין פּאַלעסטינא מעהר ווי דעם מוטער רחל׳ס קבר, אָדער

די וואנט, די כותל המערבי, ביי וועלכער א מנין בטלנים בעטען פאר די גראשענס, וועלכע זיי שנארען אוים פאר די תפלות.

וואו איז דער אמת ? — לעבט אדער לעבט נים דער פאלעסטינא־גערונק אין דעם אידישען לעבען ?

דעם ענטפער דערצו, קען נאר געבען דאס אידישע לעבען אליין, נים דאס אידישע לעבען פון היינטיגען טאג אליין, נאר דאס אידישע לעבען פון דער גאנצער צייט, זיים אידען זענען א פאלק געווארען, פון דעם אנפאנג אן פון דער אידישער געשיכטע ביז אונזער יעצטיגער צייט.

די אידישע געשיכטע, די אידישע ליטעראטור, די אלטע און די נייע, דאס אידיש־רעליגיעזע לעבען, די מנהגים און יום־טובים, די תעניתים און תפלות, דער פאלקלאר און די שפרוך־ווערטער, דאס לעבעדיגע לעבען, זיי אלע קענען אונז געבען אן ענטפער, און א ריכטיגען ענטפער, ווען מיר טרעטען נאר צו צו זיי אומפארטייאיש, אביעקטיוו, האבענדיג פאר זיך נאר איין צוועק, אויסצוגעפינען דעם אמת, וואס זיי ענטהאלטען אין זיך.

"גיט מיר די ליטעראטור פון א פאלק", האט אמאל געזאגט א ליטעראטור־קריטיקער, "און איך וועל לויט דער ליטעראטור, וואס עס האט געשאפען, פעסטשטעלען דעם כאראקטער און לעבען פונ'ם פאלק."

די צוויי באגריפען "ליטעראטור" און "לעבען" געהען דאך אפט צוזאמען, ווי איין זאך. די ליטעראטור איז דאך תמיד דער פראדוקט פון דעם לעבען, און טראגט אויף זיך דעם שטעמפעל און חותם פון דעם פאלק, פון וועמען זי ווערט געשאפען, דער דיכטער און דער פילאזאף, דער שריפטשטעלער און דער געלעהרנטער, אלע זענען זיי דאך דאס הארץ פון דעם פאלק, וואס פיהלט אמשטארקסטען דאס, וואס עס קומט פאר אין די פאלקס־ריהען, די לייד און פרייד פונ'ם פאלק, דער צער און דער יאוש, דאס וואכעדיגע און דאס שבת'דיגע, אלעם וואס דאס פאלק לעבט איבער, געפינט ביי

זיי אן אפקלאנג. מעגען שטעדט און דערפער חרוב ווערען, מעגען פייער־שפייענדע וואולקאנען אדער ערד־ציטערנישען פארניכטען דאס, וואס עס איז געשאפען געווארען אין פארלויף פון פיעלע דורות, און קיין שפור זאל ניט איבערבלייבען, איז אבער די ליטעראטור אדער דאס אנדערע געשאפענע פון יענעם פאלק פון פארניכטונג אויסגעהיט געווארען קענען מיר לייכט זיך צום סוד דערגרונטעווען, און דאס אומבאקאנטע דערגעהן.

דאס אלטע רוים איז חרוב געווארען, איז אבגעווישט געווארען פון גאט'ס ערד, אבער די ליעדער פון האראציוס, די רעדעס פון ציצעראן, און די געשיכטע פון ליווי, לעבען פאר אונז וויעדער אויף דאס אלטע רוים. דאס ענגלישע לעבען פון היינט איז אזוי אנדערש פון דעם לעבען פון דעם 18־טען יאהר־הונדערט. — דארטען וואו גרינע לאנקעס זענען אמאל געוועזען, רויכערען זיך היינט פיער און צוואנציג שעה אין מעת לעת שווארצע פאבריק־קוימענס, — דארטען וואו עס האט זיך אמאל געהערט דאס געזאנג פון פעלד־ארבייטער, הערט זיך היינט דאס שכור'ע ליעד פון די מיעדע פאבריק־שקלאפען, באגלייט פון די טענער פון א גאסען־קאטערינקע, שפיעלענדיג פאר דעם סאלון, דאך איז גענוג צו לעזען די ווערק פון גאלדסמיטה, דזשארדזש עליאט, טשארלז דיקענס, און דאס פאר־שוואונדענע לעבען זאל פאר אונזערע אויגען וויעדער אויפלעבען, ווי עס וואלט תחית המתים אויפגעשטאנען.

"פישקע דער קרומער", אדער "דאס ווינש פינגערעל" פון דעם זיידען פון דער אידישער ליטעראטור, ש. י. אבראמאוויטש (מענדעלע), די פאלק'ס מעשיות אדער רייזע באשרייבונגען פון י. ל. פרץ, "טוביה דער מילכיגער" און "מנחם מענדעל" פון שלום עליכם. זיי אלע דעקען דאך פאר אונז אויף א שטיק פון דעם פארשוואונדענעם אידישען לעבען, אדער טיילוויין פארשוואונדענעם, פון יענעם לעבען, וואס איז שוין פאר'ן היינטיגען אידען כמעט גע־שיכטע און ניט מעהר.

צי דאָס זענען די ווערק פון וואלטער סקאָט, אָדער פעאדאָר דאסטאיעווסקי, פון דעם ענגלענדער ארנאלד בענעט, אָדער פון דעם רוס מאקסים גארקי — אלע דערציילען זיי אונז וועגען דעם גרויסען סוד, וואָס ווערט לעבען אָנגערופען, און ניט אומזיסט זענען דארום די באַגריפען "ליטעראטור" און "לעבען" געוואָרען סינאנימען. איז דאָך דאָס לעבען זעלבסט אן ענדלאָז בוך וועגען וועלכען עס דערציילט אונז דאָס געשריבענע "בוך", אן איבערגע־בליבענע תפלה, אָדער א געשאַפענע סטאטוע, ווייל דער געשיכטע פאָרשער דעם סוד פון דעם "אמאָל" ענטדעקען, איז אָפט גענוג פאַר איהם, ווען ער געפינט א טאפעל, א צייכנונג, א וואזע, אויף וועלכען מיט טויזענדער יאָהרען פריהער האָט א פאָלק א געוויסע פאַ־סירונג אין זיין לעבען פארשריבען, אָדער א ליעד אויסגעזונגען, און ער באשאפט דורך דעם א יש מאין, שטעלט צוריק אויף דאָס לעבען פון יענעם פאָלק, און דערנעהענטערט דעם אלט־גרויען נעכ־טען צו דעם היינט, ענטדעקענדיג פאַר אונז דאָס "גרויסקייט" אָדער "קליינקייט" פון דעם באטרעפענדען פאָלק.

ווילסטו דאָס פאָלק קענען, געה צו זיין ליטעראטור אָדער צו זיינע אנדערע שאפונגען — דאָס איז אמת וועגען יעדער ליטעראטור, און ממילא אויך וועגען דער אידישער, יענע ליטעראטור, וועגען וועלכער דער אידישער געלעהרנטער לעאָפאָלד צונץ האָט געהאט צו זאָגען, אז "אויב דער סך הכל פון די רעזולטאטען פון דער מענש־ליכער אינטעלעקטועלער אקטיוויטעט קען פארגליכען ווערען צו א ים, איז די אידישע ליטעראטור, איינער פון די שטראָמען, וואָס שפייזען איהם."

אלט איז אונזער געשיכטע, אין דעם ווייטסטען גרויען עלטער ציהט זי זיך אריין, זי פאלט צוזאמען מיט דער געשיכטע פון פעלקער, פון וועמען עס איז שוין לאנג קיין זכר ניט געבליבען, וועלכע זענען שוין לאנג פון דער ערד אָפּגעווישט געוואָרען, און ווי אזוי וואָלטען מיר געקענט וויסען וועגען די גרויע צייטען פון אונזער פאָלקס־גע־

שיכטע, ווען ניט די ירושה פון דור צו דור — א ו נ ז ע ר ל י ט ע ר א ט ו ר, אונזער ספר, ווי אזוי וואָלטען מיר אין דעם פאר אונז פארשוואונדענעם פאָלקס־לעבען, געקענט אריינדרינגען, ווען אין דעם אידישען לעבען וואָלט ניט אין אלע צייטען האָבען פאר־נומען א וויכטיגען פלאץ דער ״והגדת לבנך״, די מגלה, דער ספר, און דאָס בוך. די ליטעראטור און דאָס אנדערע געשאפענע פון א פאָלק דערצעהלען אונז וועגען דעם לעבען פון דעם באטרע־פענדען פאָלק, און העלפען אונז נאכאמאָל איבערצולעבען דאָס לעבען. די ליטעראטור דעקט פאר אונז אויף די אמת׳ן פון יענעם לעבען, ווייל די ליטעראטור און די אנדערע פאָלקס אוצרות, קאָנ־סערווירען ניט נור דאָס פאָלקס לעבען, נאָר סארטירען עם אויך, אָפהיטענדיג דאָס וואָס איז ווערט פאר דורות אָפגעהיט צו ווערען. ווילען מיר דארום א געוויסען אמת וועגען דעם פאָלקס־לעבען דער־געהן, מוזען מיר זיך צו דעם פון דעם פאָלק געשאפענעם ווענדען, צו דער ליטעראטור, צו זיינע מנהגים, אָדער פאָלקס־ווערטלאך, זיי אלע קענען ווערען דער עמוד האש, וואָס זאָל באלייכטען דעם וועג פון דער אמת־זוכעריי. די אוצרות וועלכע אונזערע אורעלטערען האָבען בעל פה געשאפען, אָדער אין כתב פאראייביגט, יעדער דור בייטראגענדיג זיין חלק, זיי קענען ווערען דער ריכטיגער וועגווייזער.

* * *

הונדערטער יאָהרען זענען אוועק, פון דעם טאג ווען דאָס אידישע פאָלק איז פון זיין לאנד אָפגעריסען געוואָרען, און עס איז פאראורטיילט געוואָרען צו א לעבען אין אנדערע לענדער, — אין חוץ לארץ. דאָך זענען די יאָהרהונדערטער ניט בכח געווען אין גאנצען אויסצוואָרצלען פון דעם אידישען לעבען די זכרונות, בענק־שאפט, און ליעבע צו דער וייט־נאָהענטער ארץ ישראל. די אידישע געשיכטע ווייסט צו פארצייכנען משיח־באוועגונגען, ווען די בענקשאפט איז איבערגעגאנגען אין א ווילען עטוואס צו טאָן, און טראץ דעם וואָס זיי האָבען זיך אלע מאָהל געענדיגט מיט א קאָ־

טאסטראָפע, זענען זיי דאָך פון צייט צו צייט ווידער באנייט געוואָרען. די משיח באוועגונגען, וועלכע האָבען זייער יניקה געצויגען פון דער אידישער בענקשאפט און פון דעם פראָטעסט געגען דעם גלות, האָבען אַלע מאָהל געשטרעבט צו דער אויפבויאונג פון ירושלים און צו דער אומקועהרונג פון אידען צו זייער אמאָליגער גרויסקייט אין דעם לאַנד פון די אבות. דער משיח גדאַנק, אפילו היינט, איז עס דאָך נאָך ניט ארונטער פון דער סצענע, אָבוואָהל מיר האָבען ניט געהאט קיין ארגאניזירטע משיח־באוועגונג פון די פראַנקיסטען אַן, די אידישע טראדיציע וועלכע איז שטארק פאַר־שפרייט ביי דער אידישער אָרטאדאָקסיע, און די לעצטע פארנעהמט דאָך א וויכטיגען פּלאַץ אין אונזער פּאָלקס לעבען, איז דאָך אויך היינט ענג צוזאַמענגעהאפטען מיט'ן משיח גדאַנק, און "ביאת המשיח" ווערט דאָך פאַר א וויכטיגען עיקר פון דער רעליגיעזער דאָגמע באטראַכט, און איז דען ניט דער ציוניזם א מאָדערנע משיח־באוועגונג ?

"ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", בעט דער פרומער איד דריי מאָל טעגליך. ווען דיעזער אידישער עלעמענט האָט דעם רעפאָרמירטען אידענטום קריעג ערקלעהרט, האָט דערביי ניט קיין קליינע ראָליע געשפּיעלט דאָס, וואָס דאָס רעפאָרם־אידענטום האָט דעם "ותחזינה" פון איהר געבעט בוך אויסגעמעקט. דער פרומער איד האָט ניט געקענט מוחל זיין אזא באציהונג צו דעם לאַנד, וועלכעס ווערט פון איהם באצייכענט אלס דער "טבור הארץ" און די "שאור שבעיסה", א לאַנד וועמענס לופט עס מאכט דעם מענשען קלוג, א לאַנד וואָס איז אַן "אדמת קודש"

אין דער אידישער שאפונג, באזונדערס אין דער ביבלישער, פארנעהמט די צוקונפט א גרויסען פּלאַץ, אָבער דאָס שעהנסטע בילד וועגען דער צוקונפט פון הארמאָניע און מענשליכען גליק, ישעיהו'ס נבואה "והיה באחרית הימים", האָט אלס הינטערגרונט ציון, ירושלים איז דאָס אָרט פון וואַנען ליכט, וועט איבער דער

וועלט פארשפרייט ווערען, און ארץ ישראל וועט פאר דער וועלט דער מוסטער זיין, ווי אזוי מען קען לעבען אין ליבע און אין פריינדשאפט.

די אידישע אגדה, דיעזע אמת׳ע פאלקס־שאפונג, איז ווי א מילגראם פול מיט לעגענדעס וועגען ארץ ישראל, און די פאלעסטינא בענקשאפט איז א וויכטיגער מאטיוו איהרער. אויב די לעגענדע שטאמט פון דעם מח און הארץ פון א פאלק, וואלטען דען ביי אידען אזעלכע לעגענדעס געקענט געשאפען ווערען, ווען ארץ ישראל, וואלט ניט געוועזען ענג צוזאמענגעוועבט מיט׳ן פאלקס לעבען, אפילו דאן, ווען זיי זענען שוין לאנג פון דארטען אפגעריסען געוועזען, און די מעהרסטע אגדות אונזערע זענען דאך נאך׳ן חורבן געשאפען געווארען. לויט דער רעליגיעזער טראדיציע, איז אינ׳ם אידישען הויז פארבאטען אריינצוברענגען דאס קונסטבילד. דער פארבאט פון ״לא תעשה לך פסל ומסכה״ איז שטרענג אפגעהיט געווארען, און גילט נאך היינט אויך אין מאנכע אידישע הייזער אלס געזעץ, דאך איז פאר דעם געצייכענטען, געהאפטענעם אדער געשניצטען ארץ ישראל ״מזרח״ תמיד געמאכט געווארען אן אויסנאהם.

און דער מזרח איז ניט דאס איינציגע, וואס דערמאהנט אין דעם אידישען הויז און היים דאס ארץ ישראל׳דיגע. ביים טיש הערט זיך דאס הארציגע געבעט פון ״הרחמן הוא יקום לנו את סוכת דוד הנופלת״, אויף דער וואנט האט מען געלאזען א שווארצען פלאץ אן אייל אויף אן אייל אלס זכר לחורבן, און דאס זעלבע הויז וואס זעהט צו ברענענדע יום כפור ליכט, זעהט אויך צו דעם נייגטען אב וויינענדע פרויען, לעזענדיג, איכה אויף ״עברי־טייטש״, און פון הויז טראגט זיך עס אויף דער גאס ארויס, ווי מען וואלט געוואלט, אז אויך די גאס זאל אין טרערען פארגעהן פון דעם, וואס עס איז געשעהן צו דעם לאנד ביים ירדן.

אמאליגע אידען זענען געפאהרען קיין ארץ ישראל שטארבען, היינטיגע אידען האבען אין דעם 20־טען יאהר־הונדערט דעם מאדערנעם

ציוניזם באשאפען, און פאהרען קיין ארץ ישראל לעבען, וואלט דאס אלעס געקענט געשעהן, ווען פאר דורות און דורות, וואלטען מיר ניט האבען אין אונזער בלוט אריינגעזאפט, און אין אונזער פלייש אריינגעזויגען די ליעבע צו ארץ ישראל.

דער מגיד האט שטענדיג פארענדיגט זיין מוסר־דרשה מיט "ובא לציון גואל", תחית המתים איז צוזאמענגעבונדען געווארען מיט גלגול־מחילות קיין ארץ ישראל, און וואלט עס דען געקענט פאסירען, ווען דער אידישער געדאנק וואלט ניט באהערשט געוועזען פון דער ארץ־ישראל־אידעע.

א פאלק איז שוין זייט דורות פון זיין לאנד אפגעריסען, און דאך בעט עס "גשם" און "טל", און נעהמט מיט זיך אין קבר אריין אביסעל פון דער ערד פון יהודה און אפרים.

האט דאס פאלק מיט פאלעסטינא זיינע חשבונות געענדיגט דאמאלס, ווען עס איז פון זיין לאנד אפגעריסען געווארען, אדער ארץ ישראל האט פארגעזעצט צו באהערשען דאס אידישע לעבען ? דעם ענטפער דארויף צו געבען וועט זיין די עובדא פון די וויטערדיגע קאפיטלאך.

אין זיינע אפהאנדלונגען וועגען דער אידישער ליטעראטור קומט דער אידישער היסטאריקער גוסטאוו קארפעלעס צום שלום, אז ״די אידישע ליטעראטור איז דער וואנדערענדער איד צווישען דער וועלט ליטעראטור״, און מען מעג צוגעבען, אז ווילען מיר וועגען דעם וואנדערענדען אידען לערנען זאלען מיר זיך צו זיין ליטעראטור ווענדען. די ליטעראטור וועלכע איז אזוי עהנליך צו זיין לעבען.

אלט איז די אידישע ליטעראטור, אזוי אלט אפשר ווי דער איד זעלבסט, און אונטער פארשיעדענע זונען און איינפלוסען, איז זי אויך פארשיעדענע שפראכען געשאפען געווארען, אבער, ווי פאר־שיעדען זי איז אין איהר אויסערליכען מלבוש, די נשמה איהרע איז אבער איבעראל דיזעלבע, א אידישע, און דער אבן פנה איהרער, דער שעהנסטער דימאנט אין אונזער ליטעראטור קרוין, איז און בלייבט די ביבעל, דער תנ״ך, וועגען וועלכען דער אידישער געלעהרנטער מאקס ל. מרגליות האט זיך אזוי כאראקטעריסטיש אויסגעדריקט אין זיין בוך ״דהי סטארי אף ביבעל טראנסליישאנס״ ״אז אהן דער גריכישער איבערזעצונג פון דער ביבעל, וואלט דאס באקעהרען אייראפע צו דער קריסטליכער ציווילזאציע געוועזען אן אוממעגליכקייט.״

די חמשה חומשי תורה, די נביאים און די כתובים, וועלכעס ווערט ביי אידען ווי ביי דער גאנצער וועלט אלס דער ״ספר הספרים״ פארערכענט, איז ניט נאר אונזער עלצט בוך און אונזער וויכטיגסט בוך דערצו, נאר אין דעם שפיגעלט זיך אויך אפ אונזער פאלקס־לעבען פאר דורות און דורות, דערציהלענדיג אונז וועגען דעם, וואס

עס האָט פאַסירט אין פאַרלויף פון אונזער לאַנגער געשיכטע. די ביבעל ענטהאַלט ניט נאָר דעם אידישען בליק וועגען דער גאָטהייט, אָדער געזעצען ווי אַזוי צו לעבען, נאָר זי ענטהאַלט אויך בלעטער פון אונזער ערשטער געשריבענער געשיכטע, און אין דער געשיכטע פאַרנעהמט פּאַלעסטינא דעם אויבענאַן.

די אידען, אַן אַלט בעדואינען־פאָלק, אַ וואַנדער פאָלק, אַ פאָלק פון אַ "ויסעו" און אַ "ויחנו", דאָך איז די אידישע געשיכטע פון די ביבעל־צוזאַמענשטעלער גלייך צונויפגעוועבט געוואָרען מיט אַ באַשטימטע אָרט, מיט אַ באַשטימטע לאַנד — מיט כנען, מיט ארץ ישראל.

דער אידישער דברי הימים הויבט זיך אָן מיט'ן פּאַטריאַרך אברהם, און וועגען איהם דערצעהלט די ביבעל, "און ער האָט געזאָגט צו איהם, איך בין יהוה, וועלכער האָט דיך ארויסגענומען פון אור כשדים, דיר צו געבען דאָס דאָזיגע לאַנד, כדי דו זאָלסט עס ירש'ענען" * (בראשית־טו־ז). ווען יענער ביבעל־היסטאָריקער דערצעהלט אונז וועגען דעם כריתת ברית צווישען גאָט און אברהם'ן דערצעהלט ער אונז גלייך : "אין דעם טאָג האָט יהוה כורת ברית געווען מיט אברם'ן זאָגענדיג, דיינע קינדער האָב איך אָפּגעגעבען דאָס דאָזיגע לאַנד פון דעם טייך מצרים ביז דעם גרויסען טייך, דער טייך פרת" * (בראשית־טו־יח)

נאָר ביי אַ פאָלק, ביי וועמען עס האָט געהערשט אַ שטאַרקע ליעבע צום לאַנד, האָט די טראַדיציע געקענט באַשאַפען אַזעלכע זאַגען און לעגענדעס, און זיי האָבען אַזוי שטאַרק געמוזט זיין איינגעוואָרצעלט אין די פאָלקס־מחות, אַז די ביבעל־צוזאַמענשטעלער, האָבען עס ניט געקענט אויסלאָזען.

---

*) ויאמר אליו אני יהוה אשר הוצאתיך מאור כשדים לתת לך את הארץ הזאת לרשת.

*) ביום ההוא כרת יהוה את אברם ברית לאמר לזרעך נתתי את הארץ הזאת מנהר מצרים עד הנהר הגדל נהר פרת.

די ליעבע צום לאנד, איז ביי די קינדער פון יהודה און ישראל ניט נור ביים לעבען גרויס און שטארק געוועזען, נאר אויך ביים טויט איז זי גרויס געוועזען, און האט מען ניט געקענט שטארבען אין דעם לאנד, וואס איז ביים לעבען ליעב געוועזען, איז די לעצטע צוואה געוועזען, אז וועניגסטענס די ביינער זאלען מנוחה אין דעם לאנד געפינען, — דארטען זאל זייער אייביגע רוה זיין.

מיט איין פאטריארך, מיט אברהמ'ן האט דאס פאלק צוזאמענגעבונדען זיין ליעבע צום לאנד ביים לעבען, און מיט א צווייטען פאטריארך די ליעבע בייט טויט. ווען יעקב שטארבט אין דער פרעמד, ווייט פון דעם לאנד כנען, געזעגנענדיג זיך מיט זיינע קינדער אויף דעם טויטען־בעט, פארגעסט ער זיי ניט אנצוזאגען : ״באגראבט מיך מיט מיינע עלטערען אין דער הייל, אויפ'ן פעלד פון עפרון החתי, אין דער הייל אויפ'ן פעלד פון מכפלה, ביי ממרא אין דעם לאנד כנען״ * (בראשית מטרכט־ל). אזוי באפעהלט פאר'ן טויט ניט נור יעקב, נאר אויך זיין זוהן יוסף. צו א לעגענדארישער גרויסקייט האט ער דערגרייכט אין מצרים, אבער ער בענקט נאך יענעם לאנד, פון וואנען ער איז דורך זיינע ברידער ביים לעבען אפגעריסען געווארען, פאר זיין טויט זאגט ער אן : ״גאט וועט זיך זיכער דערמאהנען אין אייך און אייך ארויסברענגען פון דעם לאנד, צו יענעם ארט, וועלכען ער האט צוגעשוואוירען צו אברהם יצחק און יעקב, און יוסף האט פארשוואוירען די בני ישראל, אזוי צו זאגען, ווען גאט וועט זיך אין אייך דערמאהנען, נעהמט אויך מיט אייך מיינע ביינער״* (בראשית כד־כה).

גרויס האט אין אלע צייטען געמוזט זיין די ליעבע צו דעם לאנד

---

*) קברו אתי אל אבותי אל המערה אשר בשדה עפרון החתי — במערה אשר בשדה המכפלה אשר על פני ממרא בארץ כנען.

*) ואלהים פקד יפקד אתכם והעלה אתכם מן הארץ הזאת אל הארץ אשר נשבע לאברהם ליצחק וליעקב — וישבע יוסף את בני ישראל לאמר פקד יפקד אלהים אתכם והעלתם את עצמותי מזה.

די ביבעל ווייסט קיינמאל ניט פארצושטעלען דאס לאנד אנדערש ווי אן "ארץ זבת חלב ודבש". א לאנד פון האניג און מילך, א לאנד וואו די ערשטע איינוואוינער זענען געוועזען די קינדער פון די ריעזען. די אידישע מסורה האט תמיד פיעל איבערנאטירליכעס צוגעשריבען צום לאנד, "וואו עס וועט קיין ארימאן ניט זיין, וויל יהוה וועט דיך בענשען אין דעם לאנד, וואס יהוה דיין גאט גיט דיר אלס ירושה צו באזיץ" * (הברים־טו־ד), א לאנד וואס עס איז לויט דעם נביא יחזקאל, א לאנד, "וואו עס פליסט האניג און מילך, און איז א ציערונג פאר אלע לענדער" * (יחזקאל־כו־טו).

טיעף ווי דער ים האט געמוזט די ליעבע ביים פאלק צו זיין לאנד זיין ווען די ביבעל ווייסט ניט פון קיין גרעסערער שטראף, ווי זיך דארפען שיידען מיט דעם לאנד, — דאס איז די גרעסטע שטראף פאר עבירות און פארברעכענס.

"און דאס לאנד איז געווארען פאראומרייניגט, און איך האב געדענקט אין איהר זינד, און דאס לאנד האט אויסגעשפיגען איהרע איינוואוינער" * (ויקרא־יח־כה).

"און איך וועל אייערע שטעדט פאר חורבות מאכען, פארוויסטען אייערע הייליגע פלעצער, און וועל ניט שמעקען אייערע זיסע ריחות. איך וועל פארוויסטען דאס לאנד, אייערע פיינט וועלכע וואוינען דארטען, וועלען איבערראשט ווערען, און איך וועל אייך צור־שפרייטען צווישען די פעלקער, און וועל אויסציהען צו אייך די

---

*) אפס כי לא יהיה בך אביון כי ברך יברכך יהוה בארץ אשר יהוה אלהיך נתן לך נחלה לרשתה.

*) זבת חלב ודבש צבי לי לכל הארצות.

*) ותטמע הארץ ואפקד עונה עליה ותקא הארץ את יושביה.

שווערד, אייער לאנד וועט זיין וויסט, און אייערע שטעדט חרוב",* (ויקרא כו, לא־לג).

ווען די צוריקגעקומענע מרגלים האָבען ענטמוטיגט די שבטים און זיי געוואָלט אפּרעדען פון דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, האָט ניט די ביבעל קיין אַנדער שטראָף פאַר די מרגלים ווי, "איהר וועט זיכער ניט אריינקומען אין לאַנד, געגען וועלכען איך האָב מיין האַנד אויפגעהויבען. איך דאָרטען ניט צו לאָזען וואוינען, נאָר כלב יפנה'ס זוהן און יהושע דער זון פון נון, נאָר זיי וועלען אריינקומען" * (במדבר־יד־ל). די זעלבע שטראָף באַקומען אויך די אַלע וועלכע, האָבען זיך צוגעהערט צו די רייד פון די מרגלים, "די מענשען פון צוואַנציג יאָהר און העכער, וועלכע זיינען ארויס פון מצרים, וועלען ניט אנזעהן די ערד, וואָס איך האָב צוגעשוואוירען צו אברהם'ן, יצחק און יעקב, ווייל זיי האָבען מיר ניט געהערט" * (במדבר־לב־א.)

די שטראָף פון ניט קענען באַזיצען אָדער אָנקוקען דאָס לאַנד, ווייסט די ביבעל צו צושרייבען אפילו צו די גרעסטע אידישע פיהרער, און די הארבע שטראָף מיידט ניט אויס קיינעם. אז משה און אהרן פאַרזינדיגען זיך ביים שטיין, וועלכער האָט געזאָלט געבען וואַסער, ווייסט ניט די ביבעל פון קיין אַנדער שטראָף ווי:

"און יהוה האָט געזאָגט צו משה און אהרן, דערפאַר וואָס איהר האָט זיך ניט פאַרטרויט אין מיר, צו הייליגען מיר אין די אויגען

---

*) ונתתי את עריכם חרבה והשמותי את מקדשיכם ולא אריח בריח ניחחכם. והשמתי אני את הארץ ושממו עליה אויבכם היושבים בה. ואתכם אזרה בגוים והריתי אחריכם חרב והיתה ארצכם שממה ועריכם יהיו חרבה.

*) אם אתם תבאו אל הארץ אשר נשאתי את ידי לשכן אתכם בה כי אם כלב בן יפנה ויהושע בן־נון.

*) אם יראו האנשים העולים ממצרים מבן עשרים ולמעלה את האדמה אשר נשבעתי לאברהם ליצחק וליעקב כי לא מלאו אחרי.

פון די קינדער פון ישראל, דערפאר וועט איהר ניט אריינברענגען דעם קהל אין דעם לאנד, וואס איך האב זיי געגעבען" * (במדבר־כ־יב). און זאל אהרן איינגעזאמעלט ווערען צו זיין פאלק, ווייל ער וועט ניט אריינקומען אין לאנד, וואס איך האב געגעבען צו די קינדער פון ישראל, ווייל איהר האט ווידערגעשפעניגט מיין געבאט ביי די וואסערען פון מריבה" * (במדבר־כ־כד)

פון אזא שטראף פאר משה'ן און אהרן וויסען ניט נור די ערשטע ביבעל שרייבער, נאר אויך די שפעטערדיגע ביבעל־היסטאריקער דערצעהלען דאס זעלבע. א שרייבער פון משנה תורה זאגט וועגען משה'ס שטראף, מיט משה'ס ווערטער, "יהוה האט צוליעב אייך אויף מיר געצארענט, און געשוואוירען, אז איך זאל ניט אריבער דעם ירדן, און ניט אריינקומען אין גוטען לאנד, וואס יהוה דיין גאט גיט דיר אלס ירושה * (דברים־ד־כא) און האפנונגסלאז מוז משה זיך אונטערווארפען זיין שיקזאל.

וויפיעל ליעבע און בענקשאפט צום לאנד איז פארהאן אין דער צוגעשריבענער צו משה'ן תפלה, דאס געבעט "ואתחנן". נאר ביי א פאלק, וואס איז איינס מיט'ן לאנד געווארען, וועלכעס ליעבט דאס לאנד אפילו זייענדיג אפגעריסען פון דעם, האט געקענט אזא פערהעל פון ליידען און געבעט געשאפען ווערען, און נאר אזא מענש, וועגען וועלכען דאס פאלק האט געוואוסט צו זאגען, "ולא קם נביא עוד בישראל כמשה", האט געקענט אזא געבעט צום הימעל שיקען:

"און איך האב אין דער צייט אזוי געבעטען צו יהוה. מיין האר

---

*) ויאמר יהוה אל משה ואל אהרן יען לא האמנתם בי להקדישיני לעיני בני ישראל לכן לא תביאו את הקהל הזה אל הארץ אשר נתתי להם.

*) יאסף אהרן אל עמיו כי לא יבוא אל הארץ אשר נתתי לבני ישראל על אשר מריתם את פי למי מריבה.

*) ויהוה התאנף בי על דבריכם וישבע לבלתי עברי את הירדן ולבלתי בא אל הארץ הטובה אשר יהוה אלהיך נותן לך נחלה.

יהוה, דו האסט אנגעהויבען צו ווייזען דיין קנעכט דיין גרויסקייט און דיין מעכטיגע האנד, וואו איז דען פארהאן א גאט אויף דעם הימעל אדער אויף דער ערד, וועלכער זאל קענען באשאפען אזעלכעס ווי דיינע ווערק און ריעזיגע טאטען. ערלויב מיר אריבער צוגעהן, און איך וועל אנקוקען דאס גוטע לאנד אויף יענעם זייט ירדן, דעם גוטען בארג און דעם לבנון. אבער צוליעב אייך האט יהוה געצארנט אויף מיר, און האט מיך ניט געהערט. יהוה האט מיר געזאגט גענוג ! רעד צו מיר ניט וועגען דעם. געה ארויף אויף'ן שפיץ פון דער פסגה, און הויב אויף דיינע אויגען צו מערב און צפון און דרום און מזרח, און באטראכט עס מיט דיינע אויגען, ווייל דו וועסט ניט אריבערגעהן דעם ירדן. באפעהל יהושע'ן, שטארק איהם און ערמוטיג איהם, ווייל ער וועט אריבערפיהרען זיין פאלק, און ער וועט פאר זיי ערווערבען דאס לאנד וועלכעס דו זעהסט". * (דברים־ג־כג).

די שטראף ניט אריינצוקומען אין לאנד, אדער פארטריבען צו ווערען פון דארטען, פון דער שטראף ווייסט די ביבעל פאר'ן יחיד ווי פארן רבים, אויב ער אדער זיי פיהרען זיך נאר ניט לויט יהות'ס באפעהלען און געבאטען :

"איך נעהם היינט אלס עדות געגען אייך דעם הימעל און ערד, אז איהר וועט שנעל פארלוירען געהן פונ'ם לאנד, צוליעב וועלכען איהר געהט אריבער דעם ירדן, אום עס צו באזיצען, איהר וועט

---

*) ואתחנן אל יהוה בעת ההוא לאמר. אדני יהוה אתה החלת להראות את עבדך את גדלך ואת ידך החזקה אשר מי אל בשמים ובארץ אשר יעשה כמעשיך וכגבורתך. אעברה נא ואראה את הארץ הטובה אשר בעבר הירדן ההר הטוב הזה והלבנון. ויתעבר יהוה בי למענכם ולא שמע אלי ויאמר יהוה אלי רב לך אל תוסף דבר אלי עוד הדבר הזה. עלה ראש הפסגה ושא עיניך ימה וצפנה ותימנה ומזרחה וראה בעיניך כי לא תעבר את הירדן הזה. וצו את יהושע חזקהו ואמצהו כי הוא יעבר לפני העם הזה והוא ינחיל אותם את הארץ אשר תראה.

דאַרטען ניט זיין קיין פיעלע טעג, און איהר וועט אויסגעראָטעט ווערען" * (דברים-ד-כו).

"און יהוה'ס צאָרן וועט אייך טרעפען, און ער וועט פארמאכען די הימלען, עס וועט קיין רעגען ניט זיין, די ערד וועט ניט געבען איהרע פרוכטען, און איהר וועט געשווינד פארטריבען ווערען פון דעם גוטען לאנד, וואָס יהוה גיט אייך", * (דברים-יא-יז).

און עס וועט זיין, אז פונקט ווי יהוה האָט זיך געפרעהט אייך גוטס צו טאָן, צו פארמעהרען אייך, אזוי וועט יהוה זיך פרעהען אייך אומצוברענגען און צו פארניכטען, און איהר וועט אויסגעריסען ווערען פון דער לאנד, וואוהין איהר זענט געקומען עס ירש'ענען" * (דברים-כח-סג).

"ווען איהר וועט עובר זיין אויף יהוה'ס, אייער גאָט'ס ברית, וועלכעס ער האָט אייך באפוילען, איהר וועט געהן און דיענען צו אנדערע געטער, זיך בוקען צו זיי, וועט גאָט בייז ווערען אויף אייך, און איהר וועט פארלויהרען געהן פון דעם גוטען לאנד, וואָס ער האָט אייך געגעבען" * (יהושע-כג-טז). פון אזעלכע שטראפען פאר עבירות ווייסט דער תנ"ך.

*) העידתי בכם היום את השמים ואת הארץ כי אבד תאבדון מהר מעל הארץ אשר אתם עברים את הירדן שמה לרשתה לא תאריכו ימים עליה כי השמד תשמדון.

*) וחרה אף יהוה בכם ועצר את השמים ולא יהיה מטר והאדמה לא תתן את יבולה ואבדתם מהרה מעל הארץ הטובה אשר יהוה נתן לכם.

*) והיה כאשר שש יהוה עליכם להיטיב אתכם ולהרבות אתכם כן ישיש יהוה עליכם להאביד אתכם ולהשמיד אתכם ונסחתם מעל האדמה אשר אתה בא שמה לרשתה.

*) בעברכם את ברית יהוה אלהיכם אשר צוה אתכם והלכתם ועבדתם אלהים אחרים והשתחויתם להם וחרה אף יהוה בכם ואבדתם מהרה מעל הארץ הטובה אשר נתן לכם.

א גלות לעבען, א לעבען צווישען פרעמדע, דאָס איז די שטראָף, פאַרקעהרט וויעדער, דער שכר פאר גוטעס איז:

״און דאָס לאַנד וועט געבען איהרע פרוכטען, און איהר וועט עסען צו דער זאט, און איהר וועט דאָרטען לעבען רוהיג״ * (ויקרא־כה־יט)

״און יעצט ישראל, הערט צו די געזעצען און דינים, וועלכע איך לערן אייך צו טאָן, אום איהר זאָלט לעבען, און קומען ירש׳ענען דאָס לאַנד, וואָס יהוה, דער גאָט פון אייערע עלטערען גיט אייך״ * (דברים־ד־א).

״גיב אָפּ כבוד דיין פאָטער און מוטער, ווי יהוה דיין גאָט האָט באַפוילען, אום דיינע טעג זאָלען פאַרלענגערט ווערען, און עס זאָל דיר גוט זיין, אין דעם לאַנד, וועלכעס יהוה דיין גאָט גיט דיר״ * (דברים־ה־טז).

״איהר זאָלט אָפּהיטען אַלעס וואָס איך זאָג אייך היינט אָן, כדי איהר זאָלט שטאַרק זיין, און קומען ירש׳ענען דאָס לאַנד, וועלכעס איהר געהט אַריבער איינצונעהמען. כדי איהר זאָלט לאַנג לעבען אין דעם לאַנד, וואָס יהוה האָט געשוואוירען צו געבען אייערע עלטערען און זייערע קינדער — א לאַנד, וואו עס פליסט האָניג און מילך״ * (דברים־יא־ח־ט).

---

*) ונתנה הארץ פריה ואכלתם לשבע וישבתם לבטח עליה.

*) ועתה ישראל שמע אל החקים ואל המשפטים אשר אנכי מלמד אתכם לעשות למען תחיו ובאתם וירשתם את הארץ אשר יהוה אלהי אבותיכם נתן לכם.

*) כבד את אביך ואת אמך כאשר צוך יהוה אלהיך ולמען יאריכן ימיך ולמען ייטב לך על האדמה אשר יהוה אלהיך נתן לך

*) ושמרתם את כל המצוה אשר אנכי מצוך היום למען תחזקו ובאתם וירשתם את הארץ אשר אתם עברים שמה לירשתה. ולמען תאריכו ימים על האדמה אשר נשבע יהוה לאבותיכם לתת להם ולזרעם ארץ זבת חלב ודבש.

אז עס ווערט די אידען אנגעזאגט, אז זיי זאלען האנדלען עהרליך, ווערט זיי צו דערזעלבער צייט ערקלעהרט:

"א ריכטיג און גערעכט געוויכט זאלסטו האבען, א ריכטיגע און גערעכטע מאס, אום דו זאלסט לאנג לעבען אין דעם לאנד, וואס יהוה דיין גאט גיט דיר" * (דברים־כה־טו).

דאס בלייבען אין לאנד, און תמיד מיינט עס דאך דאס באַשטימטע לאנד — ארץ ישראל, איז ניט נור דער שכר פאר טאן גוטעס, דאס איז אויך דער לוין פון די, וועלכע פארלאזען דאס שלעכטע, און קעהרען זיך צוריק אויף'ן גוטען וועג, אויף'ן דרך הישר, וועט פאסירען, דערצעהלט אונז די ביבעל, אז דאס פאלק וועט צוליעב זייגע זינד און חטאים פארטריבען ווערען און צווישען פעלקער פארשפרייט ווערען, אז וועז דאס פאלק, וועט זיך צוריק אין יהוה דערמאהנען, "וועט יהוה דיין גאט דיך צוריקברענגען אין לאנד וואס דיינע עלטערען האבען געירש'ענט, ער וועט דיך גוטעס טאן, און ער וועט פארמעהרען דיין צאהל, אז זי זאל זיין גרעסער ווי די פון דיינע עלטערען" * (דברים־ל־ה), — "און דו וועסט עס הערען אין הימעל, און וועסט פארגעבען די זינד פון דיין פאלק ישראל, און וועסט זיי צוריקקעהרען צו דעם לאנד, וועלכעס האסט געגעבען זייערע עלטערען" * (מלכים א, ח־לד).

פאר'ן פאלק איז געבליבען אויסצוקלייבען, אדער "היט אפ די מצוות פון יהוה אייער גאט, אום איהר זאלט באזיצען דאס גוטע לאנד, און עס איבערלאזען א ירושה אויף אייביג צו אייערע

*) אבן שלמה וצדק יהיה לך איפה שלמה וצדק יהיה לך למען יאריכו ימיך על האדמה אשר יהוה אלהיך נתן לך.

*) והביאך יהוה אלהיך אל הארץ אשר ירשו אבותיך וירשתה והיטבך והרבך מאבותיך.

*) ואתה תשמע השמים וסלחת לחטאת עמך ישראל והשבתם אל האדמה אשר נתת לאבותם.

קינדער נאָך אייך" * (דברי הימים א, כח־ח), אָדער, "איך וועל זיי אַרויסרייסען פון מיין ערד, וואָס איך האָב זיי געגעבען, און דאָס הויז, וועלכעס איך האָב געהייליגט פאַר מיין נאָמען וועגען, וועל איך פון מיר פאַרשטויסען, און עס מאַכען פאַר אַ משל און שפּריכוואָרט צווישען פעלקער" * (דברי הימים ב, ז־כ).

די פאָלקס־לעהרער, די נביאים, האָבען אין דער ביבלישער עפּאָכע פאַרנומען אַ וויכטיגען פּלאַץ אין אידישען לעבען. ניט פון אַלע נביאים, די דאַמאָלסדיגע פיהרער, דיכטער און פּאָעטען פון פאָלק, האָבען מיר די שריפטען, אָבער דאָס וואָס מיר פאַרמאָגען יא, צייגט גענוג, וואָס פאַר אַן אָרט ארץ ישראל האָט ביי זיי פאַרנומען.

"'אייער לאַנד וויסט, אייערע שטעדט פאַרברענט פון פייער, אייער ערד ווערט אין אייער געגענוואַרט פאַרצעהרט פון פרעמדע און ווערט ווי פאַרוויסט פון אַן איבערפאַל פון זיי" * (ישעיהו א־ז).

אַזעלכע בילדער מאָהלט דער גרעסטער פון די נביאים, ישעיהו פאַר'ן פאָלק, באַצוועקענדיג מיט דעם, צוריק אַרויפצופיהרען דאָס פאָלק אויף'ן דרך הישר, עס זאָל תשובה טאָן, און דער נביא, וואָס האָט אַזעלכע שרעקליכע בילדער געצייכענט, מאָלט אָבער אויך אַ צווייט בילד, און דערצעהלט פון אַ פאַרשפּרעכען, "אויב איהר ווערט

---

*) שמרו ודרשו כל מצות יהוה אלהיכם למען תירשו את הארץ הטובה והנחלתם לבניכם אחריכם עד עולם.

*) ונתשתים מעל אדמתם אשר נתתי להם ואת הבית הזה אשר הקדשתי לשמי אשליך מעל פני ואתננו למשל ולשנינה בכל העמים.

*) ארצכם שממה עריכם שרפות אש אדמתכם לנגדכם זרים אכלים אותה ושממה כמהפכת זרים.

זיין געהאָרכזאם, וועט איהר עסען דאָס בעסטע פון דער ערד״ * (ישעיהו־א־יט). דער פון גאָט געבענשטער נביא וואָרענט דאָס פאָלק, אויב זייערע אויערען וועלען פארמאכט זיין, און זיי וועלען ניט צוהערען זיינע ווערטער וועלען דאן, ״די שטעדט פארוויסט ווערען אָהן איינוואוינער בלייבען, די הייזער אָהן מענשען, און די ערד וועט זיין וויסט״ * (ישעיהו־ו־יא). פון אזא שטראף ווייסט ישעיהו צו דערצעהלען, און צו דעם זענען פיעלע פון זיינע נביאות־ווערטער געווידמעט.

ישעיהו, דער וועמען די פאָלקס אינטערעסען זענען אזוי נאָהענט געוועזען, וועלכער רופט מיט וועהטאג אויס, ״אבל אמלל ארץ״, פון וועמענס ברוסט עם רייסען זיך ארוים די ווערטער פון צער, ״הנה יהוה בוקק הארץ״, — יהוה וועט אויסלעדיגען דאָס לאנד, דערזעלבער ישעיהו קען זיך אנדערש ניט פאָרשטעלען די שעהנע צוקונפט, דעם עתיד פון דער גאנצער מענשהייט, ערהגעץ אנדערש ווי אין ציון, דעם ״אחרית הימים״ זעהט ער נאר אין דיעזען לאנד. ״ווען גערעכ־טיגקייט וועט הערשען ווען איין פאָלק וועט מעהר ניט אויפהויבען קיין שווערד געגען א צווייט פאָלק, ווען שווערדען און שפיזען וועלען איבערגעמאכט ווערען אין אקעראייזענס און שניידמעסערס, אין יענער צייט, וועט די לעהרע ארויסקומען פון ציון און יהוה׳ס וואָרט פון ירושלים״ * (ישעיהו־ב־ג).

ירמיהו, דער נביא, וועלכער האָט דעם חורבן מיט די אייגענע פארוועהטאגטע אויגען צוגעזעהן, רופט, ״איך וועל זיי אויס־רייסען פון זייער ערד, און יהודה׳ס הויז וועל איך פון זיי ארויס־רייסען״ * (ירמיהו־יב־יד). — אזוי שטראפט ירמיהו דעם אידישען

*) אם תאבו ושמעתם טוב הארץ תאכלו.

*) עד אשר אם שאו ערים מאין יושב ובתים מאין אדם והאדמה תשאר שממה.

*) כי מציון תצא תורה ודבר יהוה מירושלים.

*) הנני נתשם מעל אדמתם ואת בית יהודה אתוש מתוכם.

המון און פונקט ווי זיין פארגעגנער ישעיהו, אזוי פארשפרעכט ער זיי אויך גוטע טעג, טעג, ווענען וועלכע יהוה זאגט : „ איך וועל זיי אומקערען צום לאנד, וואס איך האב געגעבען זייערע עלטערען, און זיי וועלען עס ירש'ענען" * (ירמיהו-ל-ג).

ווי ישעיהו, וועלכער ברענגט צום פאלק די בשורה פון „נחמו, נחמו עמי", אזוי ברענגט זיי אויך ירמיהו די טרייסט, אז, „אויב איהר וועט זיצען אין לאנד, וועל איך אייך אויפבויען, און ניט צושטערען, איך וועל אייך איינפלאנצען און ניט אויסרייסען, ווייל איך האב זיך בארענקט אויף דאס שלעכטע, וואס איך האב אייך געטאן" * (ירמיהו-מב-י).

די שטראף, וועלכע ישעיהו און ירמיהו שרייבען צו יהודה און ירושלים, פון הערזעלבער שטראף ווייסט אויך עמוס פאר אפרים, אויך ער שטראפט מיט דער הארבסטער שטראף : „און ישראל וועט פארטריבען ווערען פון זיין לאנד" * (עמוס-ז-יז). אויך דיזעלבע טרייסט האט ער פאר זיי : „איך וועל מיין פאלק ישראל אומקערען, זיי וועלען אויפבויען די פארוויסטע שטעדט און זיך באזעצען אין זיי, פלאנצען וויינגערטנער און טרינקען זייער ווין, באארבייטען גערטנער און עסען זייערע פרוכטען" * (עמוס-ט-יד).

דער נביא מיכה שטראפט שמרון : „און איך וועל פארוואנדלען שמרון אין א בארג שטיינער פון פעלד" * (מיכה-א-ו). ווען בית יעקב און בית ישראל וועלען ניט אויפהערען צוצוהערען זיך צו די רייד פון די פאלשע נביאים, וועט „ציון ווי א פעלד צואקערט ווערען,

*) והשבתים אל הארץ אשר נתתי לאבותם וירשוה.

*) אם שוב תשבו בארץ הזאת ובניתי אתכם ולא אהרס ונטעתי אתכם ולא אתוש כי נחמתי על הרעה אשר עשיתי לכם

*) וישראל גלה יגלה מעל אדמתו.

*) ושבתי את שבות עמי ישראל ובנו ערים נשמות וישבו ונטעו כרמים ושתו את יינם ועשו גנות ואכלו את פריהם

*) ושמתי שמרון לעי השדה.

ירושלים וועט ווערען א בארג פון חורבות, און דער הר הבית ווי די במות אין וואלד״ * (מיכה־ג־יב).

יחזקאל וועלכער שיקט זיינע רייד פון צווישען די פארטריבענע ביים טייך כבר, הונערט אויף די זינדיגע : ״און איך וועל מיין האנט צו זיי אויסשטרעקען, איך וועל מאכען דאס לאנד וויסט און לעער, ערגער ווי די מדבר דבלת״ * (יחזקאל־ו־יד). נאר ווען זיי וועלען ווידער אין יהוה׳ס וועגען געהן, וועלען זיי צוריק צו זייער לאנד קומען, און דאס לאנד וועט ווידער אויפגעבויט ווערען, מענשען וועלען זיך וואונדערען און זאגען : ״דאס וויסטע לאנד איז ווידער ווי א גן עדן געווארען, די וויסטע, צושטערטע און חרוב׳ע שטעדט זענען ווידער באפעסטיגט און באוואוינט״ * (יחזקאל־לו־לה).

ווען יהודה ווערט געשטראפט פון דעם נביא זכריה, מוסר׳ט זיי זכריה : ״איך וועל אייך צושפרייטען דורך א שטורם־ווינט צווישען פעלקער, וועלכע איהר קענט ניט, און דאס לאנד וועט בלייבען וויסט״ * (זכריה־ז־יד).

נאר ביי א פאלק, ביי וועמען דאס לאנד איז טיעף אין הארצען איינגעבאקען, האט געקענט געשאפען ווערען ביי די טייכען פון בבל די שבועה — ״אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני, תדבק לשוני לחכי אם לא אזכרכי, אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי״ (תהלים קלז־ה־ו), נאר אזא פאלק האט געקענט בעטען ״אתה תקום תרחם ציון, כי עת לחננה, כי בא מועד״ (תהלים־קב־יד), נאר ביי אזא פאלק האט אן איכה ליעד געקענט ענטשטעהן, אז א גאנץ פאלק

---

*) לכן בגללכם ציון שדה תחרש וירושלים עיין תהיה והר הבית לבמות יער.

*) ונטיתי את ידי עליהם ונתתי את הארץ שמה ומשמה ממדבר דבלתה.

*) ואמרו הארץ הלזו הנשמה היתה כגן עדן והערים החרבות והנשמות והנהרסות בצורות ישבת.

*) ואסערם על כל הגוים אשר לא ידעום והארץ נשמה אחריהם.

זאל קלאגען מיט די איכה ווערטער "נחלתינו נהפכה לזרים. בתינו לנכרים", —אונזערע נחלות און הייזער געהערען צו פרעמדע, ווערטער אין וועלכע דער איד האט קיינמאל ניט פארגעסען, און טיעף אין הארצען געטראגען די האפנונג, אז ענדליך וועט דער גרויסער טאג קומען, ווען די "שנים קדמוניות" די אמאליגע טעג וועלען זיך צוריקקעהרען, און די האפנונג האט זיך פון צייט צו צייט פונ'ם הארצען אין דער עפענטליכקייט ארויסגעריסען, און א פאלק, האט פון גרוים ביז קליין, זיין תפלה צום הימעל געשיקט — "חדש ציון בימינו כקדם", — זאל ציון ווידער באנייט ווערען ווי אמאל.

דער תנ"ך די כתבי הקודש דאס איז דער פראדוקט פון דער שעפערישער צייט פון דער אידישער געשיכטע אין איהר גלאררייכס־טער פעריאדע, ווי אויך פון דער טרויעריגער צייט, און געשאפען איז דאס אלעס געווארען אין דער העברייאישער שפראך. מיט דעם אבער האט זיך נאך ניט געענדיגט די שאפונג פון דער ביבלישער צייט. חוץ דעם העברייאישען געזאנג, וועלכער איז צו אונז דערגאנגען אין דעם תנ"ך, האבען נאך פיעלע, צו אונז אומבעקאנטע מחברים, געשאפען זייערע ווערק אין גריכיש, וועלכע זענען שפעטער אריינגע־גאנגען אין דער "סעפטואגינטא", די גריכישע איבערזעצונג פון תנ"ך, און שפעטער אויך אין דער "וואלגייט", די לאטיינישע ביבעל איבערזעצונג פאר דער רוימישער קירכע. —

דיעזע כתבים, וועלכע זענען אויך איבערזעצט געווארען אין העברייאיש, און זענען בעקאנט ביי אונז אלס די כתובים אחרונים אדער אפאקריפען (אויך באקאנט מיט'ן נאמען גנוזים— באהאלטענע), אויך אין זיי רעדט זיך מיט דער זעלבער באציהונג צו ארץ ישראל.

"דאס לאנד טרויערט אויף איהרע איינוואוינער, און אין יעקב'ס הויז איז א קלאג און געוויין", "עס איז פאראיבער און געענדיגט איז איהר גאנצע שעהנקייט, די הערשערין פון מדינות איז געווארען א דיענסט" — אזוי ווערט דערצעהלט אין די "חשמונאים", און פונקט

ווי אין תנ"ך  אזוי ווערט אויך אין די חשמונאים (חשמונאים ב) אויסגעדריקט די האפנונג און דער גלויבען "ברענג אונז צוריק און פלאנץ אונז איין אויף'ן בארג פון דיין ערבשאפט, ווי משה דיין קנעכט האט געזאגט".

"ארץ הקדושה" — דאס הייליגע לאנד דאס איז דער אויסדרוק וועגען דעם לאנד, ביים מחבר פון 'חכמת שלמה" (חכמת שלמה־יב), און בן סירא בעט:

"זאמעל צונויף די צושפרייטע פון יעקב'ס שבטים, און זאלען זיי ווערען דיין געערבטע פאלק ווי אמאל. דערבארעם זיך גאט אויף דיין פאלק אויף וועמען דיין נאמען ווערט גערופען, אויף ישראל'ן דיין עלצטען זוהן. דערבארעם זיך אויף ירושלים דיין הייליגע שטאדט, אויף ציון דאס רוה־פלאץ פון דיין כבוד, פיל אן ציון מיט דעם גייסט פון דיין געזעצליכקייט, און לאז שיינען אויף דיין פאלק די שעהנ־קייט פון דיין כבוד. באנייע דיין ברית מיט דיין אויסדערוועהלט פאלק און שטעל אויף דיינע נביאים ווי אמאל. פארגיטיג די, וואס האפען צו דיר, און זאלען מקוים ווערען די ווייד פון דיינע נביאים. הער צו גאט די שטימע פון דיין קנעכט, און בענש דיין פאלק מיט דער ברכה פון אהרן דיין כהן", (בן סירא־לו). *).

"זיי געטרייסט ציון'ס טאכטער, און ער וועט דיר טרייסטען, וועמענס נאמען ווערט גערופען אויף דיך", זאגט אין די אפאקריפען ברוך דער זוהן פון נריה.

"און ירושלים, די שטאדט פון גאט, ער וועט זיך דערבארעמען אויף דיר", טרייסט א צווייטער מחבר דער פארפאסער פון דעם בוך "טוביה".

.... .. ..

אזוי רעדט וועגען ארץ ישראל די אידישע שאפונג, די שאפונג פון'ם אידישען גייסט אין דער ביבלישער פעריאדע.

---

*) בן סירא'ס שריפטען זענען לעצטענס  ענטדעקט געווארען אויך אין זייער העברייאישען אריגינאל פון דעם פארשטארבענעם גע־לערנטען פראפעסאר שעכטער, פון ניו יארק.

דער צוזאמענבונד צווישען אידישען פאלק און ארץ ישראל, דער בונד מיט'ן לאנד, וועלכעס דאס אידישע פאלק האט באצייכענט אלס "אדמת קודש", יענער בונד, וועלכער באקומט אזא בולט'ן אויסדרוק אין תנ"ך און אין די אפאקריפען, באשטעטיגענדיג דעם פלאץ, וואס ארץ ישראל האט פארנומען אין יענער צייט אין אידישען לעבען, דיעזער שטריך, דער בונד צווישען לאנד און פאלק, געפינט אויך זיין ווייטערדיגען אויסדרוק אין די שפעטערדיגע שאפונגען פונ'ם אידישען מח, אין דער תלמודישער ליטעראטור, די ווייטערדיגע שאפונג פונ'ם אידישען געדאנק. דער תנ"ך, וועלכער ענטהאלט די געזעצען, דינים, און די רעליגיאנס און שטאאטס־פילאזאפיע פונ'ם אידישען לעבען, איז מיט דער צייט געווארען אונקלאהר און צו ווענינ אלס געזעצבוך. דאס לעבען פונ'ם פאלק האט טאג־טעגליך פארטגעזעצט צו וועבען זיין לעבענס פראצעס, און ביסלאכווייז איז דער אלטער קאדעקס געווארען צו ווענינ אדער צו אונצייטמעסיג. ארום דעם תנ"ך האבען זיך אנגעהויבען וועבען א רייהע נייע געזעצען, אויסטייטשונגען, פירושים, אגדות און פאלקס מעשיות, וועלכע האבען דערווייל זייער אויסדרוק אין שריפט ניט געפונען נאר האבען צירקולירט צווישען פאלק און די געלערנטע. אלס א תורה שבעל פה, אלס דערגענצונג צו דעם תנ"ך — די תורה שבכתב.

די זארג פון רב יוחנן בן זכאי, וועלכער האט זיך באמיהט צו פארהיטען יבנה, אז די תורה און דאס לערנען, זאל ניט פארגעסען ווערען, איז ניט געוועזען רב יוחנן'ס זארג אליין, ווייל פאר אלעמען איז געשטאנען די גרויסע פראגע, וואס צו טאן, אז די תורה שבעל פה זאל ניט פארגעסען ווערען, און באזונדערס איז די

געפאהר נאך גרעסער געווארען, נאכדעם ווי רוים האט צוטראטען יהודה, און גאנץ רוים האט געיובעלט מיט דעם רוף "יודעא קאפטא".

איין מיטעל איז געווען, ווי אזוי זיך פון דיעזער געפאהר אויסצוהיטען — צו באשאפען א נייע תורה שבכתב אלס א צוגאב צום תנ"ך, דיעזער מיטעל איז אנגענומען געווארען, און די נייע זאמלונג פון דער אידישער שאפונג האט זיך אנגעהויבען. זי האט אנגעהאלטען פיעלע יאהרהונדערטער, און איז ענדליך פארענדיגט געווארען פון דעם אמורא רבינא ארום דעם פינפטען יאהרהונדערט לויט דער קריסטליכער צייט רעכענונג, ווען עס איז פארגעקומען די "חתימת התלמוד". דאס אידישע פאלק האט דאדורך באקומען א צווייט וויכטיג און ריעזיג ווערק — דעם תלמוד.

אנגעהויבען אין די ישיבות פון ארץ ישראל, און פארענדיגט אין די גרויסע ישיבות פון חוץ לארץ, און בבל, אין די ישיבות נהרדעי, סורא און פומבדיתא, ציהט זיך ווי א רויטער פאדים דורך דער תלמודישער ליטעראטור, די אונענדליכע ליעבע צום לאנד, צום באשטימטען לאנד, צו ארץ ישראל, אבוואהל פיעלע, די שעפער פון דעם, זענען שוין לאנג געוועזען אפגעריסען פונ'ם לאנד.

שוין אין דער ערשטער תלמודישער זאמלונג, אין דער זאמלונג פון דער משנה, וועלכע איז געזאמעלט און רעדאגירט געווארען פון רב יהודה הנשיא, געפינען מיר די הייליגקייט און ליעבע צום לאנד אויסגעדריקט אין די פארשיעדענע משנה־געזעצען:

"הכל מעלין לארץ ישראל ואין הכל מוציאין, הכל מעלין לירושלים, ואין הכל מוציאין, אחד אנשים, ואחד נשים" (כתובות פרק יג.) אלע קענען אויפגעהן קיין ארץ ישראל אבער ניט אלע קענען ארויס־געהן. אלע קענען אויפגעהן קיי ירושלים, אבער ניט אלע קענען ארויסגעהן, סיי מענער און סיי פרויען.

ארץ ישראל, דאס איז דאס אויסדערוועהלטסטע, דאס ריינסטע, און דאס הייליגסטע לאנד — "ארץ ישראל מקודשת מכל הארצות" (כלים פרק א'), הייליגער פון אלע אנדערע לענדער, און דיעזע

הייליגקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף אַלע טיילן פון דעם לאַנד, — ''ארץ ישראל טהורה, ואפילו עיירות של כותים שבתוכה'' (מקואות פרק ח') ארץ ישראל, אפילו די שטעדט פון די כותים, זענען ריין. א שטענדיגע קאַמף האָט דאָס אידישע פאָלק אין זיין שפּעטערדיגער געשיכטע געפיהרט מיט די כותים, און דאָך איז דיעזער קאַמף ניט איבערגעגאַנגען אויף זייערע שטעדט, ווייל זיי זיינען געוועזן אין ארץ ישראל, און ארץ ישראל פאַרגיט אַלעס, איז מכפר אויף אַלעס.

ארץ ישראל דאָס איז דער העכסטער באַגריף, איינס פון דער דריי איינינקייט, לאַנד, פאָלק, און תורה, און קיין זאַך טאָר ניט געטאָן ווערען, וואָס זאָל פאַרקלענערען איהר ווערט און חשיבות. איז עטוואָס אין ספקות, דאַרף מען בנוגע ארץ ישראל זיין א מחמיר, און ניט קיין מקיל, אַזוי פאָדערט איהר הייליגקייט. ''ספק ערלה בארץ ישראל אסור, ובסוריא מותר'' (ערלה פרק ג') דערצעהלט אונז די משנה, אין ארץ ישראל טאָר מען קיינע ספקות ניט דער־לאָזען, מען טאָר ניט זיין קיין מקיל, ווייל זי איז חשוב, און צוליעב איהר חשיבות מוז אַלעס באַגרענעצט ווערען, כדי דאָס לאַנד זאָל דערפון ניט ליידען. ''אין מוציאין שמן שרפה ופירות שביעית מהארץ לחוץ לארץ'' (שביעית פרק ו'), מען טאָר פון לאַנד ניט ארויספיהרען קיין ברען־אויל און שמיטה פרוכטען. דאָס לאַנד איז אַזוי וויכטיג און באַליעבט, אז מען דאַרף נאָך דעם טרויערען ניט נור אין דעם טאָג פון דעם גרויסען בראַנד, נאָר דער טרויער הויבט זיך אָן פיעל פריהער, ''משנכנס אב ממעטין בשמחה'', (תענית פרק ד') גלייך מיט דעם אָנקומען פון דעם טרויערדיגען פאַר אידען חודש אב דאַרף שוין יעדע פרייד פאַרקלענערט ווערען, און טרויער דאַרף פאַרנעהמען דאָס אָרט פון דעם.

קיין זאַך טאָר ניט פאַרקלענערען די חשיבות פונ'ם לאַנד, און צוליעב דיעזער חשיבות ווערען אפילו אָפּגעשאַפט מאַנכע געזעצען, וואָס זענען נוגע דאָס פאַמיליען־לעבען. אום צו פאַרזיכערען און לייכטער מאַכען דאָס לעבען פון דער אידישער פרוי, איז אין דער

תלמודישער צייט געשאפען געווארען דער דין, וואס האט פיעל פארשווערט דאס גט'ן פון א פרוי. ווען מען האט די פרוי גע'גט אונדירעקט, נאר דורך א שליח, האט דער לעצטער געמוזט ער־קלעהרען און עדות זאגען, אז דער גט איז פאר זיינע אויגען גע־שריבען און גע'חתמ'עט געווארען, און אז ער גאראנטירט פאר זיין ריכטיגקייט, דאס איז אבער געטאן געווארען נאר פאר חוץ לארץ, אבער ניט פאר ארץ ישראל, דאס היילינקייט פון דעם לאנד מאכט אויך דעם מענשען היילינער, און מען קען איהם דארום גיכער טרויען: — "המביא גט בארץ ישראל אינו צריך שיאמר בפני נכתב ובפני נחתם" (גטין פרק א'). אז ער ברענגט א גט אין ארץ ישראל דארף ער ניט ערקלעהרען אז ער איז פאר זיינע אויגען געשריבען און גע'חתמ'עט געווארען.

ארץ ישראל, וועלכעס איז דער "טבור הארץ" מוז אפגעהיט ווערען אין איהר שעהנסטער פארמע, און צוליעב דעם האט אפילו דאס געזעץ באגרענעצט דאס האדעוועץ פון מאנכע בהמות אין לאנד, אב־וואהל עס ריהרט אן דעם ישוב: — "אין מגדלין בהמה דקה בארץ ישראל" (בבא קמא פרק ז'), מען טאר ניט האדעווען קיין בהמות דקות אין ארץ ישראל, און פארבאטען האט מען עס צוליעב דעם, ווייל זיי קענען נאך קאליע מאכען די ארץ ישראל פעלדער.

"זייט דער בית המקדש און דאס לאנד זענען חרוב געווארען", דערצעהלט אונז די משנה, "האט רבי יוחנן בן זכאי מתקן געווען, אז אין דעם זעכצעהנטען ניסן — דער יום הנף, ווען מען פלעגט מניף זיין דעם עומר, זאל מען ניט עסען די נייע תבואה (מנחות פרק י'), צוליעב דעם חורבן האט מען אויך אפגעשאפט די נזירים ביי אידען, "משחרב בית המקדש אינו נזיר (נזיר פרק ה').

אויך די מענשען זענען אנדערע געווארען, צוליעב דעם וואס די אידען זענען אפגעריסען געווארען פון זייער לאנד. "רבי פנחס בן יאיר זאגט — זייט דער בית המקדש איז חרוב געווארען זענען די פרייע מענשען פארשעהמט געווארען, עס זענען פאראריימט גע־

וואָרען די מענשען פון דער טאט, און פארשטארקט געוואָרען די מענשען פון שטארקען ארעם און צונג, קיינער זוכט אונז ניט, און קיינער פרעגט אויף אונז ניט, און אונזער גאנצער אָנלעהן איז אונזער פאָטער אין הימעל. ר. אליעזר הגדול זאָגט : פון דעם טאג אָן וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, האָט מען אָנגע־הויבען צו רעכענען זיך מיט די חכמים ווי מיט מלמדים פון קליינע קינדער, און מיט די חכמים ווי שמשים.″ (סוטה פרק ט׳).

דאָס לאנד און די מענשען זענען איינס, און איז אנדערש גע־וואָרען דאָס לאנד, איז דארום אנדערש אויך געוואָרען דער מענש, אָבער דיזע ענדערונג איז ניט קיין שטענדיגע, און די משנה וויסט דארום צו דערצעהלען אז ״ביום שמחת לבו זה בנין בית המקדש, שיבנה במהרה בימינו, אמן״. אין דער גרעסטער פינסטערקייט איז אלזאָ א שטראהל פון ליכט געזעהן געוואָרען.

און פונקט ווי עס איז רייך די משנה אין שטעלען, וועלכע צייגען אָן דאָס ארט פון ארץ ישראל אין אין אידישען לעבען, אזוי זענען אויך רייך אין דעם, די איבעריגע טיילען פון תלמוד.

״א איד זאָל שטענדיג וואוינען אין ארץ ישראל, אפילו אין א שטאדט, וואו דאָס רוב פון דער באפעלקערונג זענען גוים, און זאָל ניט וואוינען אין חוץ לארץ שטעדט, אפילו וואו דאָס רוב איינוואוינער זענען אידען, ווייל יעדער וואָס וואוינט אין ארץ ישראל, איז גלייך ווי ער וואָלט א גאָט געהאט, און ווער עס וואוינט אין חוץ לארץ, אפילו וואו דאָס רוב זענען אידען, איז ווי ער וואָלט געדיענט עבודה זרה״ (כתובות קי).

ארץ ישראל איז לויט דעם תלמוד פאר׳ן מענשען דאָס, אז ווער עס טוט עטוואָס פאר׳ן לאנד איז זיכער מיט זיין לוין. — ״רב יוחנן האָט געזאָגט, עמרי האָט דארום זוכה געווען צו ווערען א מלך, ווייל ער האָט צוגעגעבען צו ארץ ישראל א גרויסע שטאדט״ (סנהדרין קב).

(עהנליכעס ווערט אויך געבראכט אין מדרש תנחומא — א״ר

פרנך בשם ר׳ יוחנן כל מלך שהיה בחוצה לארץ, אם לא היה קונה עיר אחת בארץ ישראל, לא היה נקרא מלך — א מלך פון חוץ לארץ וואס האט ניט איינגענומען אדער געקויפט קיין שטאדט אין ארץ ישראל, איז קיין מלך ניט.)

גוט איז לויט׳ן תלמוד די מענשען, ביי וועמען ארץ ישראל איז טייער, און וועה איז די יעניגע וואס פארגעסען אין דער מוטער ציון.

״רב אליעזר האט געזאגט, יעדער וואס וואוינט אין ארץ ישראל, איז ריין פון זינד (כתובות קיא).

״אפילו ווען ער איז געבוירען געווארען אין חוץ לארץ, אויב ער איז נאר באגראבען געווארען אין ארץ ישראל איז ווי ער וואלט באגראבען געווארען אונטער׳ן מזבח״ (דארטען).

״רב שמעון בן יוחאי האט געזאגט, ״אלימלך, מחלון און כליון, זענען געוועזען גדולים אין זייער צייט, און זענען באשטראפט גע־ווארען נאר דערפאר, ווייל זיי האבען אויסגעוואנדערט פון ארץ ישראל קיין חוץ לארץ״. (בבא בתרא צא).

שווער איז דער גורל, ווען מען זינדיגט געגען ארץ ישראל, אבער זינדיגט מען אפילו געגען ארץ ישראל, רעדט מען נאר אבער אויף איהר ניט קיין שלעכטעס, ווערט די זינד דאך פארגעבען. סנחריב מלך אשור האט געפיהרט קריעג געגען יהודה, ער האט ירושלים באלאגערט, דאך האט ער זוכה געוועזען, אז עזרא הסופר זאל איהם אנרופען ״אסנפר רבא יקירא״ — דער גרעסטער טייערער וויכטיגער הערשער, ווייל ״ער האט ניט גערעדט קיין שלעכטס אויף ארץ ישראל״ (סנהדרין צד).

שקלאפעריי איז אין די תלמודישע צייטען פאר א גערעכטער אינסטיטוציע פאררעכענט געווארען. מען האט מיט די שקלאפען געקענט טאן, וואס דאס הארץ פון דעם בעל הבית האט נאר גע־וואלט, בנוגע ארץ ישראל אבער, האט מען די שקלאפען ניט גע־קענט צווינגען, אז זיי זאלען פארלאזען ארץ ישראל לויט זייער בעל־הבית ווילען — ״אין מעלין ולא מוציאין״ דערצעהלט אונז דער

תלמוד, צווינגען קען מען זיי נאָר צו עמיגרירען נאָך ארץ ישראל אָבער ניט ארויסצופאָהרען פון דאָרטען, ווייל ארץ ישראל איז א לאַנד וואָס מען קען נאָר דאָן פארלאָזען, ווען דער יקרות איז גרויס, און דאָס אויך נאָר דאַמאָלס, ווען מען האָט מעהר ניט קיין געלד, ווייל ארץ ישראל "איז א פלאַץ פון תורה און איהר לופט מאכט קלוג" (בבא בתרא קנח), און קלוג מאכט זי, ווייל פון די צעהן מאָס חכמה וועלכע זענען דער וועלט געגעבען געוואָרען, "האָט ניין גענומען ארץ ישראל, און איין מאָס די גאנצע וועלט" (קדושין מט).

לויט דעם תלמוד ירושלמי איז א מענש, וואָס פארלאָזט ארץ ישראל געגליכען צו א מענשען, וואָס לאָזט איבער א מוטער'ס שויס. און טוליעט זיך צום שויס פון א פרעמדער פרוי" (ירושלמי מועד קטן).

ארץ ישראל איז די ליעבסטע ביי גאָט, און "איז דארום באַשאפען געוואָרען פאר אלעם", "ארץ ישראל שהיא חביבה מכל נבראת קודם לכל" (ילקוט שמעוני — ספרי)., און לויט ווי עס ווערט דערצעהלט אין "אבות דרב נתן", "איז זי פאררעכענט פאר איינע פון די צעהן זאכען, וועלכע ווערען אָנגערופען ליעבען".

"חביבה עלי ארץ ישראל יותר מכולן", ארץ ישראל איז מיר ליעבער פון אלע אַנדערע לענדער", ווייסט די תלמודישע ליטעראַטור צו צושרייבען צו גאָט. ווען די אידען האָבען געדארפט באקומען א לאַנד — "דאָן האָט הקדוש ברוך הוא אויסגעמאָסטען אלע לענדער, און האָט ניט געפונען קיין איין לאַנד, וועלכעס זאָל זיין ראוי געגעבען צו ווערען אידען, נאָר ארץ ישראל.

און ניט נור דאָס לאַנד איז דאָס ליעבסטע ביי גאָט, אויך די ארץ ישראל אידען זענען ליעבער ביי גאָט ווי די אידען פון חוץ לארץ. "חביבה עלי כת קטנה בארץ ישראל מסנהדרין גדולה שבחוץ לארץ" (ירושלמי נדרים פ"ו), א קליינע כתה אין ארץ ישראל איז מיר ליעבער ווי א גרויס סנהדרין אין חוץ לארץ, און ווען די אידען וואָלטען נאָר אָפגעהיט צוויי שבתים ווי געהעריג איז, וואָלטען זיי אויסגעלייזט געוואָרען פון'ם גלות — "אלמלי שמרו ישראל ב' שבתות מיד נגאלין."

"ארץ ישראל נקראת תבל, משום שהיא מתובלת בכל, ואינה חסרה כלום", ארץ ישראל ווערט אנגערופען תבל, ווייל אין איהר איז אלעס פאראן, און עס פעהלט איהר ניט קיין זאך, אין אזא שפראך רעדט יענער טייל פון דער תלמודישער ליטעראטור, באקאנט אלס "ספרי", וועגען ארץ ישראל.

אן אנדער אפטיילונג פון דער תלמודישער ליטעראטור שרייבט צו צו ארץ ישראל, אז נאר דארטען באווייזט זיך די שכינה, אבער ניט אין חוץ לארץ — "אין השכינה נגלית בחוץ לארץ" (מכילתא בא פ"א).

אין ארץ ישראל איז אלעס געבענשט, אפילו איהרע שטיינער זענען שווערער ווי די שטיינער פון חוץ לארץ — "אבני א"י כבדים מאבני חוצה לארץ, ובזה היו מבחינים חסידים הראשונים אם באו לגבול א"י (פרקי ר"א). נאר אין ארץ ישראל איז מען ראוי צו ער־קלעהרען וועלכעס יאהר דארף זיין אן עיבור יאהר — אין מעברין שנים אלא בא"י (דארטען), מעגען אפילו די חוץ לארץ מענשען זיין געלערענטער, זענען אבער נאר די ארץ ישראל אידען די אויטאריטעטען דאריבער — אפילו צדיקים וחכמים בחוץ לארץ ורועי צאן ובקר בא"י, אין מעברין את השנה אלא על ידי רועי צאן ובקר (פדר"א), אויף די פאסטוכער פון ארץ ישראל קען מען זיך גיכער פארלאזען ווי אויף די חכמים פון חוץ לארץ.

די מעלות פון דעם לאנד זענען אויך אריבער אויף איהרע פרוכטען. די ארץ ישראל פירות זענען די לייכסטע צו פארדייען — "פירות א"י קלים לאכול מפירות של כל הארצות" (ספרי ח), ארץ ישראל פרוכטען זענען לייכטער ווי די פירות פון אנדערע לענדער. אפילו די פוסטע ביימער וועלען געבען פרוכטען נאך דער גאולה — עתידין כל אילני סרק שבארץ ישראל שיטענו פירות (כתובות קיב).

ארץ ישראל איז ניט נור מאטעריעל א מזל ברכה פאר די איינ־וואוינער, זייענדיג א לאנד פון "האניג און מילך", נאר אויך אין קולטורעלען זין איז זי די רייכסטע און שעהנסטע — "אין תורה כתורת ארץ ישראל ולא חכמה כחכמת ארץ ישראל". די ארץ ישראל

תורה און חכמה איבערשטייגט אלע אנדערע (אין ספרי ווי אויך אין בראשית רבה). גוט איז אין ארץ ישראל ניט נור פאר די לעבעדיגע, נאר אויך פאר די טויטע, ווייל "די טויטע אין ארץ ישראל וועלען אין די משיח טעג די ערשטע לעבעדיג ווערען" (מדרש הגדול).

ארץ ישראל איז איינע פון די זעקס גוטע מדות, מיט וועלכע הקדוש ברוך הוא וועט אונז באשענקען — "עתיד הקב"ה ליתן לנו שש מדות טובות, ארץ ישראל ועולם הבא, ומלכות בית דוד, ועולם חדש, כהנה ולויה" (מכלתא).

דריי זאכען האבען די אידען באקומען דורך יסורים — "די תורה, עולם הבא און ארץ ישראל" (שמות רבה און ברכות ה').

ארץ ישראל איז בעסער פון אלעם אין דער וועלט, "א לעפעל נחת אין ארץ ישראל איז בעסער ווי א פולער הויפען אין עבר הירדן" (קהלת רבה), און דיזער נחת וואלט קיינמאל ניט בארויבט געווארען פון אידען ווען ניט דוד'ס שולד, — אלמלי לא קבל דוד לשון הרע, לא נחלקה מלכות בית דוד, ולא עבדו ישראל עבודה זרה, ולא גלינו מארצינו", (שבת נו). ווען דוד וואלט זיך ניט צוגעהערט צו לשון הרע, וואלט דוד'ס קעניגרייך ניט צוטיילט געווארען, אידען וואלטען ניט געדיענט קיין עבודה זרה און מיר וואלטען ניט פארטריבען געווארען פון אונזער לאנד — דערצעהלט אונז דער תלמוד. אידען וואלטען קיינמאל פון ארץ ישראל ניט פארטריבען געווארען, ווען זיי וואלטען ניט געלייקענט "ביחידו של עולם" (איכה רבתי), אבער פארטריבען זענען זיי געווארען ניט אויף תמיד, "ארץ ישראל וועט נאך אמאל זיין אזוי גרויס ווי די גאנצע וועלט, און ירושלים ווי ארץ ישראל, — "עתידה ירושלים להיות עד דמשק" (ספרי), אזוי גרויס, "אז זי וועט ווערען די מעטראפאליע פאר אלע מדינות" (שיר השירים רבה).

ארץ ישראל, וועלכע ווערט פריהער פון אלע לענדער אנגעטרונקען פונ'ם רעגען, גיט דעם מענשען ניט נור די וועלט, נאר אויך יענע וועלט.

רבי מאיר, וועמען די מענשען פון זיין צייט האבען אנגערופען,

דאָס גייסטיגע ליכט פון זיין פאָלק, דיעזער גייסטיגער נאכפאָלגער פון דעם גרויסען געלערנטען תנא רבי עקיבא זאָגט:

"ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, איז זי איהם מכפר אויף זיינע זינד". רבי מאיר פלעגט זאָגען — "ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, זאָגט קריאת שמע אין דער פריה און אין אווענט, און רעדט לשון קודש, איז ער זיכער צו האָבען עולם הבא". (ירושלמי שבת, אויך אין ספרי).

"טוב פת חרבה ושלוה בה" — דאָס איז ארץ ישראל, ווייל אפילו א מענש וואָס עסט נאָר טרוקען ברויט און זאלץ איז ער זיכער צו האָבען עולם הבא, אויב ער וואוינט אין ארץ ישראל". (מדרש משלי).

לויט דער אידישער טראדיציע מוז מען אלע מצוות אפהיטען, אבער ארץ ישראל איז דאָך וויכטיגער, און האָט די ווערט פון אלע תריג מצוות צוזאמענגענומען:

"עס האָט פאסירט מיט רבי יהודה בן בתירא, רבי מתיא בן חרש, און אנדערע וועלכע זענען געגאנגען קיין חוץ לארץ, און זיי זיינען צוגעקומען צו פלטום, און זיי האָבען זיך דערמאָהנט אין ארץ ישראל, האָבען זיי ארונטערגעלאָזען די אויגען, צוריסען די קלייי-דער און געוויינט, און זיי האָבען זיך צוריק געקעהרט. אז זיי זענען צוריקגעקומען, האָבען זיי געזאָגט, אז דאָס וואוינען אין ארץ ישראל איז גלייך געגען אלע מצוות פון דער תורה". (ספרי).

בשעת מען איז מתפלל, דארף מען שטענדיג מיט'ן הארץ זיך מכון זיין געגען ארץ ישראל (ברכות ל'), זאָגט אן דאָס תלמודישע געזעץ.

ווען די מתים וועלכע וועלען זיך קייקלען קיין ארץ ישראל, ווייסט די אידישע אגדה צו דערצעהלען — ,,רבי סימאי זאָגט, הקדוש ברוך הוא וועט פאר זיי (פאר די מתים) לעבערען די ערד, און זיי וועלען זיך קייקלען, און אז זיי וועלען צוקומען צו ארץ ישראל, וועלען זיי צוריק באקומען זייערע נשמות און לעבעדיג ווערען". (ירושלמי כלאים פרק תשיעי)

די אגדה, דיעזע שעהנע זאמלונג פון אידישע פאָלקס-לעגענדען

דערצעהלט : ״רבי בר קיריא און רבי אליעזר האבען שפאצירט אין איסטרין, האבען זיי געזעהן ארונות וועלכע מען האט געבראכט פון חוץ לארץ קיין ארץ ישראל, האט זיך בר קוריא אפגערופען : וואס האבען דיעזע מענשען אויפגעטון, זיי קומען מטמא זיין דאס לאנד נאכ׳ן טויט. האט רבי אליעזר געענטפערט : ווען די ארונות קומען צו צו ארץ ישראל, שיט מען אויף זיי ארויף ארץ ישראל ערד און דאס איז זיי מכפר״ (דארטען).

לויט דער אידישער לעגענדע האבען פאלגענדע דריי עולם הבא — ״הדר בארץ ישראל, והמגדל בניו לתלמוד תורה, והמבדיל על היין במוצאי שבתות,״ (פסחים קיג). דער ווער עס וואוינט אין ארץ ישראל, ווער עס לערנט זיינע קינדער תורה, און וועלכער מאכט הבדלה איבער וויין מוצאי שבת.

ארץ ישראל איז לויט׳ן תלמוד העכער פון אלע לענדער, און עס געפינען זיך דארטען אלע גאט׳ס אוצרות, ״ארץ ישראל קלארין של הקדוש ב״ה״ (מרש תנחומא, קדושים), צוליעב איהר מעג מען אפילו מחלל שבת זיין, פארשוועכען דעם טאג, וועגען וועלכען די תורה זאגט אן, אז מען זאל אין דעם טאג קיין מלאכה ניט טון, ווען מען קויפט אפ פון א גוי א הויז אין ארץ ישראל, מעג מען אפילו אום שבת אויסשרייבען חוץ א גוי דעם שטר מכירה, ווייל ישוב ארץ ישראל איז דוחה שבת ״כותבין עליו אונו אפילו בשבת״ (בבא קמא פ׳) דערצעהלט אונז דער תלמוד, — ארץ ישראל איז דארום דוחה דעם שבות דרבנן, וועלכע פארבאטען אפילו צו הייסען א גוי טון א מלאכה אום שבת.

ארץ ישראל איז א לאנד וואס איז ניט נור ליעב די אידען, נאר ״הרי ארץ ישראל חביבין אל אמות העולם״, (חולין ס׳). די ארץ ישראל בערג זענען אויך ליעב די אנדערע פעלקער.

ארץ ישראל, וועלכע געפינט זיך אין דעם ׳אמצע העולם״ (מדרש תנחומא) איז לויט דער אידישער לעגענדע, אפילו פריי געוועזען פון פארטרונקען צו ווערען בשעת דעם מבול. אלעס און אלע זענען פארניכטעט געווארען אין נח׳ס טעג, אבער ניט ארץ ישראל —

''אמר רבי יוחנן לא ירד מבול לארץ ישראל'' (זבחים קיג), רבי יוחנן זאָגט דער מבול האָט ניט געגאָסען אויף ארץ ישראל, און דיעזער פּאָרצוג פון ארץ ישראל איז דאָרט געבליבען אויף אלע טעג, און זי איז געוואָרען א לאנד, וועמענס פסולת אפילו איז פיעל בעסער פון דעם לאנד מצרים — ''פסולת שבה משובח הרבה יותר מארץ מצרים (תנחומא שלח).

ארץ ישראל באאיינפלוסט אויך אלע אנדערע לענדער, דערצעהלט אונז דער תלמוד — ''אין דער צייט ווען אידען טוען גאָט'ס ווילען, און וואוינען אויף זייער לאנד, דאן קומען די רעגענס פון דעם גוטען אוצר, ווען דאָס איז אָבער ניט דער פאל, דאן נידערט ניט ארונטער דער רעגען פון'ם גוטען אוצר''. (בבא בתרא כה).

ווייל ארץ ישראל איז אזוי ענג צוזאמענגעבונדען מיט'ן אידישען לעבען, דארום איז אזוי גרויס דאָס פארברעכען, ווען מען פארלאָזט דאָס לאנד — ''אפילו ווער עס האָט זכות אבות, שטעהט עס איהם ניט ביי, ווען ער פארלאָזט ארץ ישראל צוליעב חוץ לארץ''. (ב''ב צא).

''ארץ ישראל געפינט זיך אין דער מיט וועלט. ירושלים אין דער מיט ארץ ישראל, דער בית המקדש אין מיטען ירושלים, דער היכל אין דער מיט פון בית המקדש, דער ארון אין מיטען היכל, און פאר'ן ארון געפינט זיך דער אבן שתיה, פון וועלכען עס ווערט אנגע־טרינקען די גאנצע וועלט'', (מדרש תנחומא, קדושים). אזוי דער־צעהלט די אידישע אגדה וועגען ארץ ישראל.

''ארץ ישראל איז א לאנד וואו די לופט מאכט קלוג דעם מענשען, (ב''ב קנח), און דארום ליעגט א גרויסער זין אפילו אין די גע־וועהנליכע רייד פון די דאָרטיגע געלעהרנטע — ''אפילו שיחת חולין של בני א''י צריכה תלמוד'' (ויקרא רבה). אין אזא לאנד דארף מען לעבען. אוב מען קען ניט לעבען אין ארץ ישראל, דארף מען ווענינגסטענס לויט דער אידישער טראדיציע דאָרטען שטארבען, ניט אויסהויכען די נשמה אין חוץ לארץ. און עס דערצעהלט די שעהנע פאָלקס־לעגענדע : ''עולא האָט ארונטערגענידערט פון ארץ ישראל קיין בבל. ווען ער האָט דאָרטען געדאַרפט שטארבען, האָט

ער זיך צואווייגט. האט מען איהם געפרעגט, וואָרום ווייגסטו, מיר וועלען דאָך דיר אפפיהרען קיין ארץ ישראל. האט זיי אָבער עולא גע־ענטפערט: וואס העלפט דאס, איך פארליר מיין טייערען פעריל אין אן אומריין לאנד, עס איז פאראן אן אונטערשייד צווישען דעם וואס גיט זיך איבער צו זיין מוטערס שויס, אָדער צו דעם שויס פון א פרעמדער" (כתובות קיא).

וועניגסטענס שטארבען אין ארץ ישראל, האט דער איד אין אלע דורות געוואָלט, ווען ער האט ניט געקענט אויספיהרען צו לעבען אין ארץ ישראל.

ארץ ישראל און דאס אידישע פאָלק זענען אזוי ענג צוזאמענגע־בונדען, אז ווען די אידען האָבען זיך באזעצט אין ארץ ישראל, האָבען שוין די אנדערע לענדער ניט געקענט זינגען קיין שירה פאר גאָט — "משנכנסו ישראל לארץ לא הוכשרו כל הארצות לומר שירה (ערכין י')

ארץ ישראל וואו די לופט מאכט קלוג דעם מענשען, זענען דארום די דאָרטיגע געזעצען וויכטיגער ווי די פון חוץ לארץ, און מען דיינים פון די אנדערע לענדער זיין פונקט אין געגענזאץ צו די געזעצען פון ארץ ישראל בלייבט אבער דער דין, ווי אין ארץ ישראל — "ברח מארץ ישראל אין סותרין את דינו, מחוץ לארץ סותרין את דינו מפני זכותה של ארץ ישראל (מכות ז')

ארץ ישראל איז חרוב געוואָרען, איהרע איינוואוינער זענען פון לאנד פארטריבען געוואָרען, אָבער זיי האָבען מיטגעפיהרט מיט זיך צוזאמען מיט דעם טרויער אויך די האָפנונג, באגלייט פונ'ם טיעפען גלויבען, אז אנדערע בעסערע טעג וועלען נאָך קומען, און די תלמודישע ליטעראטור האט דארום דאס פאָלק געלערנט (תענית ל') "אז ווער עס טרויערט אויף ירושלים וועט אויך זוכה זיין צו זעהן איהר פרייד", און ווי א רויטער שנור ציהט זיך דורך דורך דער תלמודישער שאפונג די לאָזונג פון "כל המתאבל על ירושלים זוכה ורואה בשמחתה" — ירושלים'ס טרויערער, איהרע אבלים, וועלען נאָך אויך איהר פרייד און אויפריכטונג זעהן.

מיר האבען געזעהן דעם וויכטיגען פלאץ, וואס ארץ ישראל האט פארנומען אין דער אידיש־ליטעראַרישער שאפונג אין פארלויף פון דער תלמודישער פעריאדע, דיעזער פאדעם, — די אידישע בענקשאפט נאך ארץ ישראל און די גרויסע האפנונג עס ווידער צו באזיצען, ווערט פארגעזעצט אויך שפעטער, אין די פיעלע יאהר־הונדערטע, ווען די אידישע שאפונג האט איבערגעלעבט איהר רע־נעסאנס־צייט אין יעדען צווייג פון דער אידישער קולטור.

די העברייאישע פאעזיע, וועלכע האט צו יענער צייט דער־גרייכט איהר העכסטע ענטוויקלונג, די פיעלע פילאזאפישע ווערק, די וויטערדיגע פארזעצונג און אויסטייטשונג פון דער הלכה, די קבלה, אין אלעם ציהט זיך דורך ווי א רויטער פאדעם די ניט אי־בערגעריסענע ליעבע צו ארץ ישראל, וועלכעם דאס פאלק האט גע־האפט צו זעהן צוריק אויפגעבויט.

דער אנזאג, וואס איז געשאפען געווארען אין דער תלמודישער פעריאדע, אז "ווער עס שפאצירט נאר פיער איילען אין ארץ ישראל איז זיכער צו האבען עולם הבא", — דיעזע גרויסקייט וועל־כעס דאס פאלק האט צוגעשריבען צו זיין אמאליג פאטערלאנד, איז פארגעזעצט געווארען פאר דורות און דורות, און האט געפונען איהר אויסדרוק אין דאס געשאפענע ווארט און דאס איבערגעלעבטע לעבען פון דער צייט.

פון דעם אריענט האט זיך דאס אידישע לעבען אריבערגעטראגען קיין איראפא. א נייער אידישער צענטר איז ענטשטאנען אין שפאניען, וואו די אראבישע הערשער און קאליפען האבען זיך בא־צויגען פריינדליך צום אידישען ישוב. דאס אידישע לעבען האט זיך דארטען אנגעהויבען איינצופונדעווען, און צוזאמען מיט דער

מאטעריעלער אויפלעבונג אין אידישען לעבען, איז דארטען אויך פארגעקומען די קולטורעלע ערוואכונג. אידישע קהלות האבען אויך אנגעהויבען צו בליהען אין אנדערע פלעצער, אין איראפע ווי אין אנדערע וועלט-טיילען, און אין יעדען ארט, וואו א וויכטיגער אידישער צענטער איז נאר געוועזען, האט זיך געוועבט דאס גייסטיגע אידישע לעבען. אונטער די נייע איינפלוסען, הויפטזעכליך אונטער דעם אראבישען, האט די אידישע פאעזיע אנגענומען ברייטערע און וויכטיגערע פארמען, ארויסברענגענדיג א גאנצע רייהע פון פאעטען-גאונים, די אידישע פילאזאפיע האט זיך פאנאנדערגע־בליהט, די גאנצע אידישע ליטעראטור, איינשליסענדיג די הלכה און די נייע שאפונג, די קבלה-ליטעראטור, איז ריעזיג אויסגע־וואקסען, און אין דיעזער שאפונג האבען די ארץ ישראל טענער געפונען א וויכטיגען אפקלאנג.

נאך אין ניינטען יאהרהונדערט האט דער פיטן רבי שפטיהו אנ־געשריבען די תפלה "ישראל נושע", וועלכע איז שפעטער אריינגע־נומען געווארען אין די סליחות, וואו דיעזער אידישער דיכטער פון ביזאנטיען בעט ביי גאט:

"זיי קלאפען דיינע טירען ווי ארימע בעטלער, פארנעהם זייער געבעט גאט פון די הימלען, דערשראקענע זענען זיי פון זייערע צארנער און דריקער, ניט פארלאז זיי, גאט פון די אבות, זאל די הילף קומען פאר אלעמענס אויגען, זאלען רשעים ניט הערשען איבער זיי, ענדיגען זאלסטו זייער פיין, און געהאלפענע זאלען זיי אויפגעהן קיין ציון."

נאך די תנאים און אמוראים זענען געווארען די גייסטיגע פיהרער פונ'ם פאלק די גאונים, וועלכע האבען אינ'ם לעבען פון די אידישע קהלות געשפיעלט די באדייטענדסטע ראליע, און פונקט ווי די תנאים און אמוראים האבען אין פארלויף פון דער תלמודישער שאפונג פארגעזעצט צו וועבען דעם ארץ ישראל מאטיוו, אזוי האבען עס אויך געטון די פיעלע גאונים, און באזונדערס דער וויכטיגסטער

פון אלע גאונים — סעדיה בן יוסף (געלעבט אינ'ם צעהנטען יאהר־הונדערט, 892—942), דער הויפט גאון פון דער עלצטער ישיבה אין בבל, די ישיבה אין סורא.

אין זיין וויכטיגסטען ווערק, אין וועלכען ער האט ערקלעהרט און פעסטגעשטעלט די יסודות פון דער אידישער רעליגיע, און גע־זוכט צו פארענטפערען די סתירות צווישען גלויבען און וויסענשאפט, אין דעם ספר ״האמונות והדעות״ גיט אפ רבינו סעדיה גאון דער אידישער האפנונג, דער גאולה, פיעל פלאץ. רעדענדיג וועגען דער גאולה אחרונה, וועגען דער לעצטער גאולה, ערקלעהרט דער וויכ־טיגסטער פון די גאונים, אז טראץ דעם וואס אלע וואונדערען זיך, ווי איז עס מעגליך אזוי לאנג ניט אויפצוגעבען דעם גלויבען, ווערט דאך די האפנונג פון באפרייט צו ווערען ניט אויפגעגעבען, און די וועלכע זייען מיט טרעהרען, וועלען נאך שניידען מיט געזאנג. *)

פונקט ווי עס איז נאריש דער, וואס פארשטעהט ניט, אז ווען מען פארזייט די זריעה אין דער ערד, גיט עס אין שניט־צייט אפ צוואנציג און דרייסיג מאל אזוי פיעל וויפיעל מען האט אין דעם שוים פון דער ערד אריינגעלעגט, אזוי איז אויך נאריש דער, וואס קען ניט פאר־שטעהן די אידישע האפנונג און גלויבען, אז ״די אידען וועלען אלע צונויפגעזאמעלט ווערען, און קיין איינער וועט ניט בלייבען אין

---

*) אנחנו סובלים ומיחלים מה שיעדנו, לא נקוץ ולא נקצוף אך נוסיף חוזק ואמוץ כמו שאמר (תהלים ל״ו) חזקו ויאמץ לבבכם כל המיחלים ליי׳, ומי שרואה אותנו בענין הזה הוא תמה עלינו, או חושב אותנו לכסילים מפני שלא נסה כאשר נסינו ולא האמין כאשר האמינו, והוא כמי שלא ראה זריעת החטה, וכשהוא רואה מי שמשליך אותה בבקעת אדמה לצמוח, יחזיקנו לכסיל, ואינו מכיר כי הוא הכסיל, אלא בעת הקציר, כשתשוב המדה עשרים או שלשים, וכן דמה הכתוב ואמר (שם קכו׳) הזורעים בדמעה ברנה יקצרו. (מאמר שמיני־גאולה אחרונה).

גלות'', *) אפילו די וועלכע געפינען זיך אויף די פארוואָרפענסטע ים-אינזלען, וועלען צוריקגעבראכט ווערען קיין ארץ ישראל, און אין יענער צייט, ווען נאָך דעם ''זמן התשובה'', און נאָך דעם ''זמן הקץ'', וועט פאָרקומען די גאולה, אין יענער צייט, וועט לען ניט נור די אידען זיין באפרייט, נאָר אויך אלע פעלקער וועלען זיין פריי פונ'ם לאסט פון מלחמות, און קריעג וועט זיין א זאך פון דער פארגאנגענהייט *) אזוי אז קיין מענש וועט מעהר ניט האלטען קיין געוועהר אין האנט.

דער מדקדק דונש בן לברט, וועלכער איז געקומען קיין שפאניען פון אפריקא, אויף רבי חסדאי אבן שאפרוט'ס רוף, און וועלכער איז שפעטער געוואָרען דער פאָפולערסטער דיכטער ביים פאָלק, האָט ארום דעם צעהנטען יאָהרהונדערט געזונגען:

יפה נוף הר ציון
אשר בחר עליון
לנפת שם דמיון
ופלך וכפרים —

שעהן איז דער הר ציון, דער ציון בארג, וועלכען גאָט האָט אויסדערוועהלט. דונש בן לברט, וועלכער ווערט פאררעכענט פאר איינעם פון די וועלכע האָבען אוועקגעלעגט דעם יסוד פאר דער נייער וועלטליכער העברייאישער פאָעזיע, האָט ניט געקענט אויסלאָזען דעם ציון מאָטיוו, און געזונגען וועגען דעם, וואָס ציונ'ס בארג איז דער שעהנסטער, וועלכען גאָט האָט אויסדערוועהלט פאר זיין וואוינונג.

אן אנדער דיכטער און תלמודיסט פון יענער צייט — יוסף אבן אביתור (געשטארבען אין דמשק אינ'ם יאָהר 970) זינגט אין א שבח צום בורא עולם:

---

*) ישראל יקובצו כולם אל בית המקדש ולא ישאר מהם אחד בגלות, (דאָרטען).

*) תסתלקנה המלחמות, עד שלא ישא אדם כלי מלחמה (דאָרטען).

גליו גבורה — במו תראה אם קבוץ פזורה
גזר עת תגזרם לעם נבאה לך זרוע עם גבורה.

אז ער וועט וואונדער און גבורות באווייזען אין דעם טאג ווען די צושפרייטע וועלען צונויפגעזאמעלט ווערען, און ער בעט:

חלצם בחסדך מכף צר ועד

באפריי זיי פון די הענט פון זייערע אונטערדריקער און פייניגער. זעהענדיג ווי יאהרהונדערטער זענען אוועק אין גלות-לעבען, רייסט זיך פונ'ם משורר'ס הארץ ארויס א זיפץ:

את מי זנחת נצח
כי זנחתנו לנצחים
במי אנפת לעולם
כי תנאף בנו לעולמים

ווארום האט גאט אויף אייביג פארלאזט דאס אידישע פאלק, און צארנט נאך אלץ אויף זיי, בן אביתור בעט רחמים. אז ענדליך זאל זיך ביי גאט דאס רחמנות-געפיהל אויפוועקען און זיך דערמאה־נען אין די, וועלכע זענען געווארען צו שאנד און צו שפאט און זיי ווידער אויסלייזען, ווי ער האט זיי שוין אמאל אויסגעלייזט פון דער שווערער ארבייט אין מצרים.

אויב ביים דיכטער יוסף אבן אביתור הערט זיך א טאן פון פארצווייפלונג, דערפאר אבער איז שוין פול מיט גאולה־אפטימיזם א צווייטער משורר פון יענער צייט, יצחק אבן כלפון, וועלכער ברענגט די ליידענדע דאס ליעד פון האפנונג:

קול מבשר פדיון אשמיע ואושיע
אהבי, ולציון אשיבה ואופיע
אתנהו עליון על כל עם וירגיע
יחזה בהודי ויקר בית תפלתי
אזכרה לו חסדי אגאל את גאלתי

א שטימע פון אויסלעזונג וועל איך צוטראגען, און איך וועל העלפען מיינע ליעבע, ציון וועט ווידער דערהויבען ווערען איבער יעדען

פאָלק, און וועט ווייעדער צוזעהן מיין שעהנקייט און לויב, איך וועל אין זיי ווידער געדענקען און זיי אויסלעזען. — דיעזען טרייסט ברענגט זיי דער דיכטער פון אפטימיזם.

רב שמואל הנגיד, וועלכער איז ניט נור געוועזען אן אונטער־שטיצער פון די אָרימע אידישע דיכטער, נאָר אליין אויך געוועזען א באדייטענדער משורר, האָט טראָץ זיין פירשטליכע מדרגה, וועלכע ער האָט דערגרייכט, געבעטען:

אלוה חי ! תנה לו כוס בגן עדן ובעליה !
וזכהו לבנין עיר תהלתך ולתחיה
(כתב יד א' שיר כו').

אז דער לעבעדיגער גאָט זאָל מזכה זיין זיין פאָלק מיט אויפלע־בונג, און מיט דער אויפבויאונג פון זיין געליעבטע שטאָדט, גע־בעטען, —

אלהי חסוף היום זרוע ימיניך
ומיד אדום חלץ בני אב המונך,
(כתב יד ב' שיר י')

גאָט שטרעק אויס דיין הילפס־האנט, און זאמעל צונויף דיינע קינדער, לעז זיי אויס פון אדום'ס האנט.

דער משורר, וועגען וועמען ביים פאָלק האָט זיך פארשפרייט די לעגענדארישע געשיכטע, אז אן אראבישער דיכטער האָט איהם אויס קנאה גע'הרג'עט און באגראָבען ביי זיך אין גאָרטען, און שפעטער איז ביים קבר ארויסגעוואקסען א בוים מיט וואונדערבארע פרוכטען, דורך וועלכען מען האָט זיך דערוואוסט וועגען מאָרד — רבי שלמה אבן גבירול, (1058—1020), דער דיכטער, וועמענס ליעדער עס דרינגען אריין אין די טיעפטישען פון דער נשמה, האָט טראַצדעם, וואָס ער איז געוועזען דער פאָעט פון טרויער, דער דיכטער פון פערזענליכע ליידען, אויך געווידמעט זיין מוזע צום צער פון זיין פאָלק, און פיעלע פיוטים, האָט ער אויסגעדריקט דעם נאציאָנאלען צער און פאָלקס-טרויער, און דאָס פאָלק האָט איהם

דערפאר באלוינט מיט דעם, וואס עס האט זיין אדע ״כתר מלכות״ אריינגענומען אין די יום כפור תפלות. ער בעט, אז משיח בן דוד זאל שוין שנעלער קומען, און דאס פאלק זאל צוריקגעקעהרט ווערען צו זיין אמאליגען גלאנץ —

שרש בנו ישי עד אן תהיה נקבר
הוצא לך פרח כי הסתיו עבר.

דער ווארצעל פון ישי׳ס זוהן, ביז וואנען וועסטו באגראבען זיין, הויב אן צו בליהען, וויל דער ווינטער איז שוין פארביי.

אזוי זינגט דער דיכטער, וועלכער האט לויט רב יהודה אלחריזי׳ס מיינונג דערגרייכט די העכסטע שטופע פון דער דיכטער־קונסט, וועל־כער רופט אויס מיט וועהטאג געמישט מיט האפנונג אין א תפלה צו גאט, ווען עס וועט זיך שוין הערען דער ״קול התור״, די שטימע פון דער טערקעלטויב, וועלכע וועט צוריקרופען דאס פאלק צו זיין לאנד, איבער וועלכען ישי׳ס שטאם וועט ווידער רעגיערען, און ער בעט דארום אין זיין פיוט ״מי כמכה״ (ציטירט לויט דער זאמלונג פון שניאור זק״ש — ספר שירי השירים) :

היה נא לציון סומך וסועד ותקום לחננה כי בא מועד
ולשיר כמאז לך נועד יי׳ ימלוך לעולם ועד.

גאט זאל זיך דערמאהנען אין ציון, וויל עס איז שוין געקומען איהר צייט.

אין א ליעד, אין וועלכער ער באקלאגט דעם טויט פון זיין אונטערשטיצער רבי יקותיאל זינגט ער —

לבי לציון כחלילים יהמה ולקול בביתה רחמי נכמרו,
תזעק, ״אהה כי נפלה חמה אשר בה נשגבו
עמי ובה נבצרו״,

מיין הארץ געהט אויס נאך ציון, און איך פארנעהם די שטימע פון איהר געוויין, וועה, עס איז געפאלען דער מויער, וועלכער האט געדיענט אלס א פעסטונג פאר מיין פאלק. — אזוי זינגט דער דיכטער וועגען דער ארימער געפאנגענער, וועלכע איז אין א פרעמד

לאנד א שקלאפין געווארען, און וועלכע האפט, אז צו איהר בראך וועט ענדליך נעהמען א סוף, און די ״שביה בת ציון״, די געפאנגענע ציון׳ס טאכטער וועט ווידער אויפגעריכט ווערען, און אין זיין ליעד ״גאולה״ ברענגט שלמה אבן גבירול צו די אונטער־יאכטע און געפלאגטע די טרייסט, אז זייער געבעט איז ענדליך דערהערט געווארען, —

שועתך נשמעה עלתה למעוני
שמעתי כי חנון אני.

דער בארעמהערציגער גאט האט דערהערט זייער תפלה און געשריי.

דער פעטער פון רבי אברהם אבן עזרא, וועמענס פיעלע שירים עס זענען מיט דער צייט געווארען תפלות, און דאס פאלק האט מיט זיי מתפלל געוועזען צו זיין באשעפער, רבי משה אבן עזרא, (אין צוועלפטען יאהרהונדערט, 1070—1138), וועמען מען האט אויך צו־ליעב זיינע פיעלע פיוטים און סליחות גערופען ר׳ משה הסלח, קלאגט וועגען דער אידישער בראך אין זיין ליעד ״על כנסת ישראל בגלות״ :

יונים בידי יונים
אשר נפזרו לכל רוחה
אונים מבלי אונים
והוגי בפחי אנחה,
במעונים שאננים
ובתי עז ומבטחיה
יתן יי׳ לכם ומצאנה מנוחה —

ווי טויבען צושפרייט אין יעדער זייט, אהן קראפט און אהן כח, און אויסגעהענדיג פון די זיפצען, איז ביי רב משה הסלח, דאס אידישע פאלק, און ער בעט, אז גאט זאל זיי ווידער רוהע געבען. עס פעהלען ווערטער אויסצודריקען די ליידען, די גלות־טעג ווע־רען אלץ לענגער און די פארבליבענע פריינט פארלאזען איינציגווייז, ווי א פארטריבענער הירש, פאריאגט פון זיין גע־

צעלט, מוז ער אומוואנדערען, די גאנצע אומה אזוי, אָבער ניט אייביג וועט עס אזוי זיין, דאָס גאולה־יאָהר וועט דאָך אמאָל קומען, און דאן וועלען אלע וואונדען פארהיילט ווערען, און ענד וועט ווערען צום טרויער, וויעדער וועט זיך הערען דאָס פרעהליכע געזאנג, —

ותשיר תהלה בא קץ אבלי
וכבוד יזרח אדוני אור לי.

צווישען די פיעלע נעמען, מיט וועלכע "די גאָלדענע עפּאָכע" פון דעם שפאנישען אידענטום איז באציערט, צווישען די גדולי התורה, פארנעהמט דער נאָמען פון רבנו יצחק אלפסי (דער אלפס, געלעבט אין סוף פון עלפטען יאָהרהונדערט), דער מחבר פון דעם באריהמטען ווערק "הלכות", דעם אויבענאָן, און אין דיעזען וויכטיגען ווערק, וואָס איז ביז היינט צוטאָג געבליבען א האנט־בוך פאר'ן אידישען דין, ווידמעט דער אלפס פיעל פלאץ דער ארץ ישראל וויכטיגקייט.

"ווען מען האָט אפילו קיין היישעריק ניט געזעהן, נאָר א פליגעל פון זיי, רופט מען עס שוין אוים, און מען איז גוזר תענית". (תענית פרק שלישי).

דאָס דארף מען טאָן, ווייל מיט'ן ישוב פון ארץ ישראל טאָר מען ניט ריזיקירען, און גלייך ווי א געפאהר באווייזט זיך, מוז מען עס זעהן צו באזייטיגען.

די פיעלע תעניתים, וועלכע אידען האָבען געהאַט, זיינען אין בבל ניט אָפּגעהיט געוואָרען, אויף די דאָרטיגע אידען זיינען זיי ניט חל געוועזען, און לויט דעם אלפס דארף בבל אָפּהיטען נאָר איין תענית צבור, דעם טאָג פון דעם נייגטען אב, —"אין תענית צבור בבבל אלא תשעה באב בלבד" (דאָרטען פרק רביעי), אויף'ן חורבן דארפען אויך זיי טרויערען.

גרויס זענען געוועזען די אלע אידישע דיכטער, וועלכע די "גאָל־דענע עפּאָכע" פונ'ם שפאנישען אידענטום האָט ארויסגעבראכט, פון

צווישען וועמען, דער דיכטער רב שלמה בן גבירול האט ווי דער ליכטיגסטער שטערען ארויסגעשיינט, אבער איהר שטארקסטען אויסדרוק, האט די העברייאישע פאעזיע געפונען אין די שירים פון דעם גרעסטען משורר, דער גאון און פאטער פון דער נאציאנאלער העברייאישער פאעזיע, רבי יהודה הלוי (1086—1142), דער משורר, וועגען וועמען עס האט געזונגען הונדערטער יאהרען שפע־טער, דער אידיש־דייטשער דיכטער היינריך היינע, אין זיין "ראָ־מאנצערא" —

יא, געוועזן איז ער א דיכטער
גרויס און גלענצענד ווי א שטערען,
פאר זיין פאלק א ליכט און פאקעל,
א גרויסארטיג וואונדערבארע.

פייערזייל פון זאנג און שירה,
וועלכע איז פאראויסגעגאנגען
פאר דעם טרויערצוג ישראל'ס
אין דעם מדבר פון דעם גלות.

ריין און עכט, גאר אהן א פגימה
איז זיין ליעד ווי זיין נשמה —
בעת דער בורא האט באשאפען
זיין נשמה, העכסט צופריעדען

האט ער זי א קוש געגעבען,
און מען הערט דעם קלאנג פון קוש אין
יעדען ליעד פון דיכטער, וועלכעס
איז געהייליגט דורך גאט'ס גנאדע.

— דער דיכטער, וועגען וועמענס שאפונג, פראפעסאר ה. גרעץ האט פאלגענדעס צו זאגען אין זיין "געשיכטע פון די אידען" : "אין דער

גאנצער ניי־העברייאישער פּאָעזיע זענען יהודה הלוי׳ס ציון ליעדער
די, וועלכע קענען אמבעסטען צוגעגליכען ווערען צו תהלים. ווען
ער קלאָגט אויף ציונ׳ס וויסטקייט, אָדער ווען ער חלומט וועגען איהר
גרויסקייט, און באשרייבט ווי זי וועט ווידער אמאָל פאראייניגט
זיין מיט איהר גאָט און איהרע קינדער, שטעלען מיר זיך פאָר אז
מיר האָבען דאָ ווידער איינעם פון די בני קרח. ער איז געוועזען
א נאציאנאלער פּאָעט, און דארום נעהמען זיינע ליעדער דעם לעזער
מיט א ניטווידערשטאנדליכער קראפט, און ער איז געוועזען ניט נור
דער דיכטער, ער איז אויך געוועזען א בריליאנטענער דענקער,
געפיהל און געדאנק פאָלשטענדיג פאראייניגט". ביי דעם דיכטער
איז ענטדעקט געוואָרען דאָס נאציאנאלע ליעד, דאָס ארץ ישראל
ליעד, אין איהר גאנצער גרויס. די אלטע שבועה, וועלכע איז
געשוואוירען געוואָרען פון די פּארטריבענע ביי די טייכען פון בבל
וועלכע האָבען זייערע הארפעס אויף די ארונטערגעלאָזענע ווערבעס
אויפגעהאנגען, וועלכע האָבען זיך די פינגער אָפּגעהאקט, אום ניט
צו שפּיעלען די ציון־ליעדער "על אדמת נכר", אויף פרעמדען באָ־
דען, — די שבועה וועלכע זיי האָבען געשוואוירען, אז זיי וועלען
קיינמאָל ניט פארגעסען דאָס לאנד, וואו זיי זיינען געבוירען געוואָרען,
דיזעלבע שבועה ווידערהאָלט זיך אין די מעהרסטע פון רב יהודה
הלוי׳ס ציון און נאציאנאלע ליעדער, — דער דיכטער פון גאָט׳ס
גנאדע.

לבי במזרח ואנכי בסוף מערב
איך אטעמה את אשר אכל ואיך יערב,

מיין הארץ געהערט צו מזרח, אָבער איך בין גאָר אין מערב, ווי
אזוי קען מיר מיין עסען שמעקען, און ווי אזוי קען עס מיר זיין
זיס. אזוי דריקט אוים זיינע גרויסע ליידען, דער פאָטער פון
דעם נייעם העברייאישען שיר, וועמענס נשמה עס לעבצט נאָך דער
"אדמת קודש", און וועלכער גיט אויסדרוק צו זיינע ליידען, אין
די "שירי ציון", אזוי דריקט אוים די בענקשאפט פון פאָלק צו

ארץ ישראל רב יהודה הלוי, וועלכער איז גרייט צו האלזען און קושען ירושלים'ס שטיינער, וועלכע זיינען פאר איהם זיסער ווי האניג —

הלא את אבניך אחונן ואשקם
וטעם רגביך לי מדבש יערב.

רב יהודה הלוי האט געזונגען וועגען דעם פאלק'ס בענקשאפט, און דאס פאלק האט איהם הערפאר באלוינט מיט דעם וואס עס האט געמאכט זיין ליעד "ציון הלא תשאלי" אלס דאס קלאג ליעד, די "קינה" וואס עס זאגט יאהר איין יאהר אויס, פאר די פיעלע חורבן און גלות יאהרען. און האט די לעגענדע געשאפען, אז ער האט עס פערפאסט דאן ווען ער איז געטרעטען געווארען פאר ירושלים'ס טויערען פון דעם ווילדען אראבישען פערד. —

חיי נשמות, אויר ארצך, וממר דרור
אבקת נפשך, ונפת צוף נהריך.

די לופט פונ'ם לאנד לעבט אויף די נשמה. —מיט די רב יהודה הלוי'ס ווערטער, בעט א גאנץ פאלק יעדעס יאהר, און פון די פינסטערע מאט באלויכטענע בתי מדרשים און שוהלען רייסען זיך ארויס די ווערטער —

ינעם לנפשי הלוך ערם, ויחף עלי
חרבות שממה אשר היו דביריך

און אומגעוואנדערט וואלט איך טאג און נאכט א נאקעטער, א באר־פעסער אויף דיינע חורבות. איך וואלט מיט מיין שטעקען אויסגע־מאסטען אלע קברים, מיט דיין נשמה לופט זיך אנגעאטעמט, זיך איינגעוויקעלט אין דיין זיסען שטויב, און ביז צום בלינד ווערען באוויינט דיין חורבן ציון . . . (פון ביאליקס איבערזעצונג) אזוי זינגט וועגען ציון דער פאעט, אויף וועמען רב יהודה אלחרוזי האט געזונגען "והוא לוית פאר על ראש משיחיו". דער דיכטער וועלכער איז לויט רבי משה בן עזרא, דער שטערען וואס באלייכט די וועלט,

אין דער לענג און אין דער ברייט, וועלכער שווערט ווי אמאל ביי די טייכען פון בבל, —

תשכח ימיני עיר תהלה לעד אם אשכחכי
תדבק לשוני לחכי, אם לא אזכרכי.

ווען א פריינד שטראפטאיהם דערפאר, וואס ער האט באשלאסען צו פארלאזען שפאניען, און פאהרען קיין ארץ ישראל, ענטפערט איהם דער גרויסער משורר , —

היש לנו במזרח או במערב
מקום תקוה נהי עליו בטוחים —

עס איז ניטא קיין אנדער רוה־פלאץ ווי נאר ארץ ישראל, ניט אין מזרח און ניט אין מערב

מצרים און ארץ ישראל ביידע האבען פארנומען א וויכטיגען פלאץ אין דער אידישער געשיכטע. אין מצרים זענען צוערשט די געטליכע שלוחים געקומען. דארטען האט משה דאס גרויסע געט־ליכע ווארט אנטפלעקט. אבער עס קומט ניט צו ארץ ישראל, ווייל ארץ ישראל איז מקום הדין, מקום הרחמים, "ושם יחל אנוש לשכר פעלה". דאס ארט פון דין און רחמים, וואו דער מענש קען האפען אויף שכר. נאר א טייל פון ארץ ישראל'ס הייליגקייט, איז אוועק־געגעבען געווארען צו מצרים און בבל, אבער דאס הארץ און די אוי־גען פון פאלק זענען שטענדיג געווענדעט צו דער גאנצער הייליג־קייט, און דאס פאלק בעט דורך'ן דיכטער, אז עס זאל טויבען־פליגעל באקומען און זאל דורך זיי קענען ציון דערגרייכען, איינצו־אטעמען די דארטיגע לופט.

ומי יתן אבר כיונה לי אעופה ואשכנה
אטוש תימן וצפונה ואשאף רוח ציונה.

א טויב וואס איז אויף אדלער־פליגעל פארטראגען געווארען פון איהר נעסט אין א ווייטען וואלד, און דארטען זענען פאר איהר פארשפרייט פיעלע נעצען פון די, וועלכע ווילען איהר פאנגען און שלעכטעס טון, דאס איז א מאטיוו וועלכער ווערט פיעל מאהל וויע־

דערהאַלט אין רבי יהודה הלוי'ס ליעדער, אין די שירים פונ'ם דיכטער, וועלכער קען נים פארגעסען אין דעם אמאָליגען גלאנץ־לעבען פון זיין פאָלק, און וועלכער איז גרייט מיט זיינע טרעהרען דורכצונעצען די ערד, וואו דאָס געבורט־בעטעל פונ'ם פאָלק איז אמאָל געשטאנען, און וועלכער רייסט זיך צוריק צום לאנד, אָבּ־וואָהל עס פליהען דאָרטען יעצט אום ברענענדע שלאנגען אנשטאט דעם עס זאָלען זיך צוטראגען די ריחות פון די געוויקסען פונ'ם גלעד בארג, און דעם דיכטערס מוזע איז זיכער אז אזוי וועט עס נים אייביג זיין, איז זיכער, אז דער "קץ" מוז דאָך קומען, און דער טרויער וועט דאן אין פרייד פארוואנדעלט ווערען, ירושלים וועט דעם ביטערען כוס אין גאנצען אויסטרינקען, און דאן וועט זיך ווידער דאָס פרעהליכע געזאנג דערהערען, יהודה וועט ווידער זיינע יום טובים פייערען —

באה עת תענוגיך ושב הצבי אל חדריך
שמעי מהמון חוגגיך שלום מכל עבריך
חגי יהודה חגיך שלמי נדריך.

פריעדען און פרייד — די צוויי סמנים פון א ניי לעבען הערען זיך פון די מעהרסטע ליעדער, דער בעטלער ווערט ווידער א פרינץ, און זיין גוף באציערען יעצט די בגדי מלכות אנשטאט די בעטלער־טארבע, און דער נייער איד מארשירט שטאלץ אנשטאט מיט א בעטלער־שטעקען אין האנד.

די זעלבע ליעבע צו ארץ ישראל, וועלכע ער צייגט ארויס אין זיינע שירים, איז אויך צו זעהן אין זיין רעליגיעז־פילאָזאָפישען בוך באקאנט אלס דער "ספר הכוזרי" געשריבען אין דער פאָרמע פון א וכוח צווישען דעם מלך הכוזרים און זיין אידישען חבר.

ווען דער כוזרי און דער חבר דיסקוטירען וועגען "שלמות הנפש", און ער זאָגט איהם, אז ער האָט כאָך קיינמאָל נים גע־הערט, אז די וועלכע זענען געשטארבען אין ארץ ישראל זאָלען זיין ווירדיגער ווי די אנדערע, ענטפערט איהם דער חבר, אז ארץ

ישראל איז פאר'ן פאלק, ווי ארבייט פאר א ווייגגארטען, אזוי ענג צוזאמענגעבונדען זענען זיי —

"אזוי איז די זאך, דאס וואס איהר זאגט אז דער ווייגגארטען געראט, ווען מען וואלט ניט פארפלאנצט די וויינשטאקען, און ניט געטון די נויטיגע ארבייטען, וואלט קיין וויינטרויבען ניט געד־וואקסען. די ערשטע און איינציגע מעלה פאר א פאלק איז ווי איך האב שוין דערמאהנט, דאס לאנד, וועלכעס העלפט צו מיט איהרע מעשים און תורות, וועלכע זענען ווי די ארבייט פאר'ן וויינ־גארטען" * (ספר הכוזרי מאמר שני).

שלמות הנפש קען לויט זיין מיינונג נאר זיין אין ארץ ישראל, וואו אלעס ווערט צוזאמענגעהאפטען אין איין גאנצעס. — ארץ ישראל איז לויט'ן חבר'ס מיינונג אזוי וויכטיג, אז אלע וועלכע האבען נביאות געזאגט, האבען נאר נביאות געזאגט ווענען איהר — כל מי שנתנבא לא נתנבא כי אם בה או בעבורה (דארטען).

ווען דער חבר וויל פארלאזען דאס כוזרים לאנד, צו פאהרען קיין ירושלים, און דער קעניג וויל איהם דערפון אפרעדען, אנצייגענדיג אויף דער גרויסער סכנה, וואס שטעהט איהם פאר אין אזא ווייטען וועג, און אז מען קען איבעראל זיין נאהענט צו גאט, ענטפערט איהם דער חבר —

"די שכינה וואס מען זעהט אויג אויף אויג, זי פעהלט, ווייל זי אנטפלעקט זיך נאר צום נביא, אדער צו די אויסדערוועהלטע, און א באשטימטען ארט" * (דארטען מאמר חמישי.) — און דאס

*) כן הדבר, זה שאתם אומרים שמצליח בו הכרם, אילו לא היו נוטעים בו הגפנים ועובדים העבודה הראויה להם לא היה עושה ענבים, והמעלה המיוחדת הראשונה היא לעם שהוא סגולה ולב כאשר זכרתי, ויש לארץ עזר בזה עם המעשים והתורות התלויות בה, אשר הם כעבודה לכרם".

*)השכינה הנראית עין בעין היא אשר נעדרה, כי איננה נגלית כי אם לנביא או להמון נרצה במקום המיוחד.

אויסגעקליבענע ארט איז ארץ ישראל, וואו דאס הארץ און די נשמה זענען אמריינסטען און קענען זיך דארום נעהענטער באהעפטען מיט דער געטליכקייט.

דער ארץ ישראל מאטיוו וועלכער איז אזוי בולט געקומען צום אויסדרוק אין דער שאפונג פון רבי יהודה הלוי איז אויך געווארען דער לייט מאטיוו אין די ווערק פון א רייהע אנדערע העברייאישע דיכטער.

"קרב תקרב פדיון לעם נכאה ואביון" — דערנעהענטער די אויסלעזונג פון דאס ארעמע און דערשלאגען פאלק, בעט דער פיטן ישחק משכראן. "געגוג צו זיין אין טהויער, לעבען ווי אין א לייבען־גרוב, זאלען זיך אנדערע ליכטיגערע טעג אנהויבען" זינגט לוי־אל־תבאן. "זאמעל צונויף דיינע פארשטויסענע שאף, און דער פאסט־טאג זאל ווערען א טאג פון פרייד און שמחה", בעט שלמה אבן גות.

אין איין צייט מיט רבי יהודה הלוי האט געלעבט דער דיכטער רבי אברהם אבן עזרא (ארום סוף פון עלפטען יאהרהונדערט), א חבר פון רבי יהודה הלוי, און אבוואהל זיין מוזע איז מעהרסטענס געווידמעט געוועזען דעם ליעד פון דער ארמוט, די "שירי עני", האט דאך אויך די ציון־בענקשאפט געפונען אן אפקלאנג אין זיינע ליעדער, און פיליכט אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון רבי יהודה הלוי'ס "ציון הלא תשאלי" האט ער אנגעשריבען דאס ליעד "קול בת ציון", אין וועלכען ער באקלאגט דאס לאנד, וואס איז פארוויסט געווארען.

פון תמיד אן האבען די אידישע דיכטער און געלעהרנטע ליעב געהאט צו פארגלייכען דאס אידישע פאלק צו א טויב, און אין דעם ליעד "על היונה" זינגט און בעט ראב"ע וועגען צוריקקעהר קיין ארץ ישראל —

מרטו כל שכניה
כנפיה בצדיה
גם ירקו בפניה,
ויהוה שם היה,
למה לא תחנה,

צור, כי בך חסיה,
לחית אל תתנה,
עד מותה בשביה,
אם היא כשפחה קנה

ואם בת היא וחיה,
וזכור נבואת ישעיה:
התשכחי אשה עולה,
ושובבת אל גבולה,
וחומת אש תהיה לה. —

אלע איהרע שכנים האבען איהר די פליגלען בשעת דער פאנג אויס־געפליקט, און אויך געשפיגען אין פנים אריין — גאט, דו ביסט דאך דארט געוועזען, ווארום דערבארעמסטו דיך ניט, אין דיר באשעפער, איז דאך איהר שוץ, לאז איהר ניט שטארבען אין איהר געפאנגענשאפט. אויב זי איז ווי א דיענסט קויף איהר אויס, און אויב ווי א טאכטער, דאן לאז איהר לעבען. געדענק ישעיה'ס נבואה — קען א פרוי פארגעסען איהר קינד, קעהר איהר צוריק און איהרע גרענעצען, און זיי פאר איהר א וואנט פון פייער.

דער משורר רבי שלמה שרביט הזהב, וועלכער האט נאכגעאהמט בן גבירול'ס "כתר מלכות", האט געשריבען צווישען אנדערע א פיוט "פיוט ליום שביעי של פסח", אין וועלכען ער בעט:

"נעהם זיך אן גאט געגען די קריגער מיינע, קעהר אום דיין אויסדערוועהלט פאלק, לעז זיי אויס א צווייט מאהל, זאמעל זיי צונויף, ברענג זיי צוריק און פלאנץ זיי ווידער איין אויף'ן בארג פון דיין ערבונג".

רב יהודה אלחריזי, דער פארפאסער פונ'ם "תחכמוני" וועל־כער ווערט פאררעכענט פארן לעצטען וויכטיגען משורר פון דער גאלדענער רענעסאנס עפאכע (1165—1225) האט זיך געפיהלט גליק־ליך, וואס ער האט אויסגעביטען זיין געבורטס־לאנד שפאניען אויף ארץ ישראל, און ער דריקט דיעזע צופריעדענהייט אויס אין א שיר, אין א געזאנג צו ציון:

נפשי לציון מספרד גלתה,
ממעקים עד שחקים עלתה
גיל הרבתה יום ראתה הר אל, והוא
היום אשר מיום היותה אותה.

איך בין קיין ציון פון שפאניען פארטריבען געווארען, און דאס איז ווי מיין נשמה וואלט זיך ווי פון א טאל אזש צום הימעל דער־הויבען, דער טאג ווען איך האב דעם געטליכען בארג דערזעהן איז דער טאג, אויף וועלכען איך האב לאנג געווארט, — אזוי דריקט אויס זיין פרייד דער דיכטער, ביי וועמען ציון איז דאס שעהנסטע לאנד פון אלע מדינות, א שעהנקייט וואס קיין מענשליך אויג האט נאך ניט געזעהן, דאס לאנד וועלכעס קען זיך פארגלייכען מיט דעם הימעל —

ציון אשר כמה מדינות נהדרו
אך כהדרה עין אנוש לא ראתה
לא אדעה אם המרומים שחחו
נגדה ואם היא על מרומים עלתה.

פאר אלחריזין איז עס ניט נור דאס לאנד פון דער פארגאנגענ־הייט, דאס לאנד פון אמאליגער שעהנקייט, א לאנד, וואס דאס אויג, וועלכעס האט איהר ניט געזעהן, האט קיין ליכטיגקייט קיינמאל ניט געזעהן, נאר אויך דאס לאנד פון דער צוקונפט, און ער פארענ־דיגט זיין ציון־ליעד מיט'ן אויסרוף —

עוד צור ישיבנה לאפריון ועוד
תשוב לעדנה אחרי כי בלתה.

אנדערש קען זיך דער דיכטער די צוקונפט פונ'ם לאנד ניט פארשטע־לען ווייל דאס איז א לאנד, דורך וואנען עס פיהרט א וועג צו די הימלישע טויערען, צו די שערי שמים, א לאנד וואס איז נאהענט צו דער שכינה, און אזא לאנד קען לאנג ניט וויסט בלייבען, —

האל אשר אוה למושב לו
יראה ברב עניה ושב שביה
בוכה לנוד דודה בשובו לה
ימחה דמעות מעלי לחיה —

דער גאט, וואס האט איהר פאר זיין זיץ אויסגעקליבען, וועט ענדליך איינזעהן איהר פיין, ער וועט אפווישען איהרע טרעהרען און וועט צו איהר צוריקקעהרען די געפאנגענע.

* * *

די אידישע שאפונג פון יענער צייט, האט זיך ניט באגרענעצט מיט איין געביעט, זי האט ארומגענומען אלע פאזען פון דער גייס־טיגער שאפונג, און אבוואהל די הלכה, די פאעזיע, און די פי־לאזאפיע, האבען פארנומען דעם אויבען אן אין דער שאפונג, איז אבער אויך פיעלעס געשאפען געווארען אויף אנדערע געביעטען און די אלע אנדערע וויסענשאפטען האבען אויך געהאט א רייהע פון טרעגער און גרויסע פערזענליכקייטען.

די געשיכטע און רייזע באשרייבונגען פון די אידען אין פאר־שיעדענע לענדער, האט צו יענער צייט געפונען איהר שטארקסטען אויסדרוק אין בנימין פון טודעלא, וועלכער האט דרייצעהן יאהר ארומגערייזט איבער די פארשיעדענע אידישע ישובים אין די דאמאלס־דיגע דריי באוואוסטע וועלט־טיילען, אייראפא, אזיע, און אפריקע, און ער האט שפעטער זיינע רייזע באשרייבונגען פארעפענטליכט אין זיין ספר "מסעות בנימין". דאס ווערק זיינס ענטהאלט פארשיע־דענע רייזע באשרייבונגען, אבער א באזונדער ליעבע פיהלט זיך דארטען, וואו ער רעדט וועגען ציון און ירושלים. גוסטאוו קאר־פעלעס, רעדענדיג איבער דיעזען ספר אין זיין געשיכטע פון דער

העברייאישער ליטעראטור (תולדות הספרות העברית) ערקלעהרט, אז דארטען, וואו בנימין פון טודעלא רעדט וועגען ירושלים, פיהלען זיך אין זיינע ווערטער פונקען פון העכסטען עקסטאז און באגייסטערונג. באציהענדיג זיך אזוי צו זיין "ארץ אבותיו", צו דעם לאנד פון זיינע עלטערען, לייקענט דארום רב בנימין אפ יעדע פארבינדונג מיט'ן פאלק, פאר די, וועלכע גלויבען ניט אין קבוץ גליות *), אז אידען וועלען זיך צוריקקעהרען אין זייער לאנד, וויל דאס וועט זיכער געשעהן, און יהוה דער גאט פון ישראל וועט זיי צונויפזאמלען פון איבעראל וואוהין זיי זיינען נאר פארשפרייט געווארען.

— רבנו משה בן מיימון (דער רמב"ם, 1135—1204) דער גרויסער אידישער געלעהרנטער, וועלכער איז באטיטעלט געווארען מיט דעם באריהמטען שפרוך "ממשה ועד משה לא קם כמשה", האט אין זיין "משנה תורה", דאס וויכטיגסטע הלכה-ווערק ביז היינטיגען טאג, פיעלעס וועגען ארץ ישראל, וואס דערמאהנט אין פיעלע שטעלען פון תלמוד.

"עס איז שטענדיג פארבאטען צו פארלאזען ארץ ישראל צוליעב חוץ לארץ, סיידען צו לערנען תורה, נעהמען א פרוי, אדער צו ראטעווען זיך פון די הענט פון די עכ"ום, און שפעטער זיך צוריקקעהרען אין ארץ ישראל" — זאגט דער רמב"ם (הלכות מלכים), "סיידען ווען דער הונגער אין לאנד איז זעהר גרויס." — ארץ ישראל איז אזוי נאהענט צום אידישען הארץ אז — גדולי החכמים היו מנשקין על תחומי ארץ ישראל ומנשקין אבניה, ומתגללין על עפרה — צוקומענדיג צו די גרעניצען פון ארץ ישראל פלעגען זיך די גרעסטע חכמים צוקושען, קושען די שטיינער און זיך קאלערען אין איהר שטויב, (דארטען).

ארץ ישראל פארגיט די זינד, לויט דעם רמב"ם — כל השוכן

---

*)וכל מי שיבטל שלא יתקבץ ישראל, אינו רואה סימן טוב ולא יחיה עם ישראל.

בארץ ישראל עונותיו מחולין, און "ווער עס פארבייט ארץ ישראל אויף חוץ לארץ איז ווי ער וואלט געדיענט צו עבודה זרה".

אין זיין באריהמט פילאזאפיש ווערק "מורה נבוכים", ער־קלעהרט רבינו משה בן מימון, אז דערפאר האט זיך פון אידען אפ־געטון די נבואה, ווייל פון דעם גלות איז דאס אידישע לעבען אנגע־שטעקט געווארען מיט "עצלות" און "עצבות" (מורה נבוכים חלק שני), ווען דער רמב"ם רעכענט אויס אין זיין "ספר המצות" די תעשה'ס און לאו תעשה'ס, פאררעכענט ער אלס איינע פון די לא תעשה'ס, אז מען זאל ניט פארקויפען קיין אייגענטום אין ארץ ישראל אויף שטענדיג, נאר צייטווייליג, (מצוה רכ"ז), משיח, וועט זיך לויט'ן רמב"ם באווייזען צוערשט אין דעם וויכטיגסטען לאנד פון דער גאנצער שאפונג, — אין ארץ ישראל *) און צוזא־מען מיט דער משיח אנטפלעקונג און די גאולה וועט זיך אויך צוריק־קעהרען די נבואה צו אידען.

צו דער צייט וואס אין דיעזע יאהרהונדערטער האבען די אידען אונטער דער מאכמעדאנישער הערשאפט געלעבט גאנץ רוהיג, און געקענט רוהיג פארזעצען זייער שאפען, איז אבער גאנץ אנדערש געוועזען דער גורל פון יענע אידען, וועלכע האבען געהאט דאס אומגליק צו וואוינען אין די קריסטליכע לענדער. ארום דעם סוף פון דעם עלפטען יאהרהונדערט, האבען זיך די קריסטליכע פעלקער, ווי פראנקרייך און דייטשלאנד, פאראייניגט צו פיהרען מלחמה געגען דער מאכמעדאנישער וועלט. די לאזונג איז געווארען, אפצונעה־מען פון די הענט פון די "אונגלויביגע" מאכמעדאנער פאלעסטינא, און עס האבען זיך אנגעהויבען די רייהען פון קרייץ־צוגען, וועלכע האבען א טרויעריג קאפיטעל אין דער אידישער געשיכטע אריינגע־שריבען. מען איז געגאנגען נקמה נעהמען פון די מאכמעדאנער, און אפגערעכענט האט מען זיך דערווייל מיט די אידען. הונדערטער

*) בתחלה יראה בארץ ישראל, כי בארץ ישראל תהיה תחלת הראתו, (אגרת תימן).

און טויזענטער אידען זענען אויסגעקוילעט געוואָרען אין דייטשלאנד און אין פראנקרייך מיט ״שמע ישראל״ אויף די ליפען. דער אידי־שער מארטירער־צעטעל האָט געהאלטען אין איין וואקסען, און אין די יאָהרען צווישען 1096 און 1187, זענען אין די דריי קרייץ־צוגען פיעלע אידישע קהלות אין גאנצען אָפגעמעקט געוואָרען. די אידען, וועלכע זענען לעבען געבליבען, האָבען אויפגעהערט צו זיין פרייע מענשען, נאָר זענען געמאכט געוואָרען פאר דאָס אייגענטום פון די קעניגע און די פארשיעדענע פירשטען, וועלכע האָבען פארשטעהט זיך, געזוכט צו האָבען פון זייערע אידען וואָס מעהר הכנסה.

צו דער גרעסטער ערנידערונג און באליידיגונג איז דאָרטען גע־בראכט געוואָרען דאָס אידישע פאָלק, צו די נגישות און הרדיפות איז ניט געווען קיין גרענעץ, דאָך איז דאָס אלץ ניט אומשטאנד געווען אונטערצוגראָבען די אידישע גייסטיגע טעטיגקייט. די פארפאָלגונגען, האָבען פארקעהרט, געטריבען די דאָרטיגע אידען צו אן ענגער צוזאמענלעבען, און א מעהר פארטיפען זיך אין זיך, אין דער אידישער רעליגיע, און דער גאנצער גייסטיגער ירושה פון די עלטערען.

דייטשלאנד און פראנקרייך האָבען נאָך פון פריהער געהאט גרויסע ישיבות פאר׳ן תלמודישען שטודיום. אין פראנקרייך האָט גע־לעבט רבנו גרשם (געשטארבען אין 1040), דער אָנפיהרער פון די ״חכמי לותרניה״ — די געלערנטע פון לאטרינגען. אין פראנקרייך איז געבוירען געוואָרען און געלעבט דער וויכטיגער אידישער געלערנ־טער, וועלכער האָט געשריבען דעם פאָפולערען פירוש אויף תנ״ך און תלמוד, רבנו שלמה יצחקי, אָדער ווי ער איז באוואוסט מיט די ראשי תיבות פון זיין נאָמען רש״י, און נאָך זיין טויט, איז זיין אָנגעפאנגענע ארבייט פון פארשפרייטען דעם תלמוד און דאָס לערנען צווישען פאָלק, און אויך צו וועבען די ווייטערע שאפונג, פאָרגעזעצט געוואָרען פון זיינע נאכפאָלגער, די ״בעלי התוספות״ און אנדערע און אויך אין דער שאפונג פון דיעזער פעריאָדע פאר־נעהמט דער ארץ ישראל מאטיוו א וויכטיגען פלאץ.

אין דעם ״ספר חסידים״, וועלכער איז געשריבען געוואָרען פון ר׳ יהודה חסיד, איינער פון די בעלי התוספות (ארום יאָהר 1200) מיט׳ן צוועק צו פארשפרייטען מאָראַלישע לעהרען צווישען פאָלק, ווערען די ״ימות המשיח״ יענע טעג ווען די אידען און דאָס לאנד וועלען אויסגעלייזט ווערען, פאר אזוי וויכטיג באטראכט, אז זיי ווערען אָנגערופען טעג פון ״לעבען״, די מורא פאר גאָט, יראת ה׳ איז לויט׳ן ספר חסידים פארבונדען מיט ״חיים״, וועלכעס קען ברענגען דריי זאכען, עולם הבא, עולם הזה, די וועלט און יענע וועלט, אין ימות המשיח די משיחטעג. דער מענש דארף לויט ר׳ יהודה החסיד זיך אָפּהיטען פון זינד, און ניט גורם זיין, אז א צווייטער זאָל באשטראָפט ווערען דורך איהם, ווייל ווער עס איז גורם, אז זיין חבר זאָל דורך איהם באשטראָפט ווערען איז ער מעכב די גאולה, איז ער מעכב משיח׳ן. *)

משיח און גאולה וועט קומען אזוי פלוצלינג, ווען דער מענש וועט צו דעם זוכה זיין, אז מען קען ניט פאראויסזאָגען וועגען דעם, אָדער נבואה זאָגען וועגען דעם, און ווער עס טוט עס, ווער עס זאָגט יא נבואה וועגען דעם, איז אָדער א כשוף־מאכער, אָדער ער האָט צו טון מיט שדים. *)

די רדיפות אויף די אידען אין די קריסטליכע לענדער האָבען זיך ניט באגרענעצט מיט די אידען אליין, מען האָט אויך געזוכט צו פארפאָלגען דאָס אידישע געשאפענע וואָרט, די אידישע תורה. אין יאָהר 1242 האָט מען אויף איינער פון די פאריזער גאסען עפענטליך פארברענט דעם תלמוד. די קאטוילישע קירכע, דער פאבסט און די גלחים, האָבען ניט נור געוואָלט אויסראָטען די לעבעדיגע אידען, נאָר אויך דאָס אידישע געלערנטקייט, און צוליעב דעם פלעגט מען איינאָרדנען דיספוטען, וכוחים, אויף וועלכע מען פלעגט

---

*) כל מי שחבירו נענש עלי ידו, מעכב משיח.

*)אם תראה שאדם מתנבא על משיח, דע כי הוא עוסק או במעשה כשפים או במעשה שדים.

צווינגען אידישע געלעהרנטע ארויסצוטרעטען. דיעזע דיספוטען זע־
נען געוועזען פארשפרייט אין אלע קריסטליכע לענדער, אויך אין דער
קריסטליכער טייל פון שפאניען, אין דעם קעניגרייך אראגאניען,
וואו ביי איינעם פון דיעזע דיספוטען, האט זיך באזונדערס אויסגעצייי־
כענט איינער פון די באדייטענסטע אידישע דענקער פון דרייצעהנ־
טען יאהרהונדערט רבנו משה בן נחמן (1270—1195), דער רמב״ן
א דיספוט, וועלכער האט זיך געענדיגט זיעגרייך פאר אידען.

לויט׳ן רמב״ן איז ישוב ארץ ישראל, איינע פון די תריג׳ מצות,
און תמיד דארף זיין דעם מענשענס געדאנק, אפילו אין גלות, צו
באזעצען זיך אין ארץ ישראל *) און דער רמב״ן האט עס ניט נור
געפרעדיגט, נאר אויך פארווירקליכט. א צו שטארקער בונד האט
איהם צוגעהאלטען צום אראגאנישען אידענטום, ער זאל זיי קענען
פארלאזען, אבער ווען נאך׳ן זיעגרייכען דיספוט, האבען זיך אנגע־
הויבען אויף איהם די פארפאלגונגען מצד די דאמיניקאנער, וועלבע
ער האט באזיעגט. האט ער טראצדעם, וואס ער איז שוין גע־
וועזען א זיבעציג יאהריגער זקן פארלאזען שפאניען און האט זיך
באזעצט אין ארץ ישראל, אין דעם לאנד, וועגען וועלכען ער האט
געחלום׳ט זיינע גאנצע יאהרען.

געחלומט און געטרוימט וועגען ארץ ישראל, האט אויך דער
אידישער דיכטער פון איטאליען, וועלכער איז געוועזען א חבר פון
דאנטען, עמנואל הרומי.

ר׳ עמנואל הרומי, דער גלענצענדער סאטיריקער פון דער
מיטעלאלטערליכער העברייאישער פאעזיע (1330—1265) דער
לעצטער פון דער גאלדענער עפאכע פונ׳ם העברייאישען געזאנג, בעט
אין זיין ״מחברת עמנואל,׳ —

תושה אלהים חי וקבץ נדחך ובעזך
צור אסוף צולע, —

*) מצוה לדורות אפילו בזמן הגלות לרשת את הארץ ולשבת בה.

אייל זיך צו לעבעדיגער גאָט, און זאָמעל צונויף די פארשטויסענע, קלייב צוזאַמען, באַשעפער, די הינקענדע.

חושה משיח אל, עשה שרף
ושום על נס לחיות בו נשוכי הזמן,

אייל זיך צו גאָט'ס גנזאַלבטער, מאַך א ברענענדען שלאַנג, און הענג איהם אויף דער פאָהן ארויף, כדי ווידער אויפצולעבען די גע־ביסענע.

ווען עמנואל הרומי באַשרייבט אויף א סאַטירישען אופן זיין רייזע איבער'ן גן עדן און גיהנם, פאַרגעסט ער אויך ניט אין דעם אי־דישען גלות און די אידישע מאַרטירער וועלכע בעטען ביים כסא הכבוד אז די גאולה זאָל דערנעהענטערט ווערען, און ירושלים זאָל ווידער אויפגעבויט ווערען.

ר' מאיר פון ראָטהענבערג (געבוירען געוואָרען אין וואָרמס ארום 1215, געשטאָרבען אין אן עלזאַסער פעסטונגס־תפיסה אין 1293) איינער פון די וויכטיגסטע תלמודיסטען און בעלי התוספות אין דייטשלאַנד, וועלכער האָט זוכה געוועזען צום טיטול "מאור הגולה", דאָס ליכט פונ'ם גלות, און וועלכער האָט זיך אויך אויסגעצייכענט אלס "פיטן" האָט אין זיינע פיוטים, אין וועלכע ער באַקלאָגט דאָס וואָס גאָט'ס תורה ווערט געברענט אויף'ן שייטער־הויפען, אויך די טרייסט, אז גאָט וועט נאָך די פארטריבענע שבטים צונויפזאַמלען, און זייער ליכט וועט ווידער לייכטען —

שאלי שרופה באש לשלום אבליך
המתאוים שכן בחצר זבוליך. —

זינגט רבי מאיר (מהר"ם), וועלכער איז געשטאָרבען א מאַרטי־רער טויט.

א וויכטיג הלכה־ווערק פון יענער צייט, דער "בעל הטורים" (ר' יעקב בן אשר, געשטאָרבען אין 1340) פסקענט אין "אורח חיים", אין יענער אפטיילונג פונ'ם "טורים", וואו עס רעדט זיך וועגען

מענשענ׳ס פליכטען, אז ״דער וואס זעהט די שטעדט פון יהודה ווי זיי זענען חרוב דארף רייסען קריעה ווי אן אבל״.

עס איז געוועזען דיעזער בליק אויף ארץ ישראל, וואס קיין זאך האט ניט געקענט אונטערדריקען, וואס האט זיך ארויסגעצייגט צו זיין שטארקער פון די אלע גגישות און רדיפות, און דיעזער בליק האט באהערשט די אידישע געלעהרזאמקייט סיי אין נגלה און סיי אין נסתר, און טראץ אלע אונטערדרדריקונגען, וואס די אידען האבען איבערגעלעבט אין די קריסטליכע לענדער, האט זיך דאך פון אידישען הארץ ארויסגעריסען די תפלה און בענקשאפט צו וואוינען אין דעם פלאץ, וואו די שכינה איז אזוי אפט נתגלה געווארען דאס לאנד וועלכעס ווארט אויף דער גאולה, פונקט ווי דאס פאלק, דאס לאנד, איבער וועלכען עס וועט ווידער קעניגען דער מלך המשיח, און צו וועלכען אויך מצרים, די אמאליגע אונטערדרדריקערין פון אידישען פאלק וועט נאך ברענגען מתנות *).

צוזאמען מיט דער אידישער געלעהרזאמקייט און וויסענשאפט, איז אויך געוואקסען די חכמה נסתרה, די קבלה, וועלכע האט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע אין מיטעלאלטער, און דאס וויכטיגסטע ווערק פון דער קבלה, דאס ווערק וואס איז ביי אידען פארדעכענט אלס א הייליגער ספר ווערענדיג לעגענדאריש צוגעשריבען צום תנא רבי שמעון בן יוחאי, און וועלכעס איז גאר פארפאסט גע־ווארען פון דעם אידישען מקובל ר׳ משה דע לעאן (געשטארבען אין 1305) — דער ״זהר״, אויך דאס בוך שפרודעלט מיט פיעלעס וועגען ארץ ישראל, און רעדט זעהר פיעל וועגען דעם קץ, וועגען די נאהענטע משיח־טעג, ווען עס וועט זיך ענדליך אנהויבען ״שיבת ציון״.

לויט׳ן ״זהר״ זענען די אידען און ארץ ישראל אזוי ענג צוזאמענ־

*) ועתידה ארץ מצרים להביא דורן למלך המשיח ובעד האכסניא שעשו לישראל אף על פי שנשתעבדו בהם יקבלוה מידם. (מנורת המאור, פון יצחק אבוהב הספרדי).

געבונדען אז — "ישראל אינם נקראין גוי אחד אלא בא"י. "די געט־ליכקייט, אבוואהל עס איז "מלא כל הארץ כבודו", געוועלטיגט ער נאר אין ארץ ישראל, וועו די אידען זענען דארטען — כשישראל על אדמתן אז הקב"ה שולט על ארץ ישראל. (זוהר שמות).

ארץ ישראל איז וויכטיגער פון אלע לענדער — ווייל דארטען רוהט די שכינה — השכינה אינה שורה בחוצה לארץ אלא בא"י, ומשם יורד התמצית לחוצה לארץ.

גוט איז דעם ווער עס קומט א לעבעדיגער אין ארץ ישראל, אבער ווער עס שטארבט אין חוץ לארץ, און ווערט באגראבען אין ארץ ישראל, אויף איהם ווערט געזאגט : "ונחלתי שמתם לתועבה" (זוהר ויקרא).

"ווער עס שטארבט אין ארץ ישראל, איז ווי ער וואלט אומגע־קעהרט דעם פקדון צום בעל הבית, ווער עס שטארבט אבער אין חוץ לארץ, קעהרט צוריק דעם פקדון צו דער סטרא אחרא". (דארטען).

אין ארץ ישראל האט אפילו דער מלאך המות קיין שליטה ניט — כל המתים בא"י לא מתים על ידי מלאך המות, אלא על ידי דמלאכא דרחמים דשליט בארעא ( זוהר, תרומה) — אזוי דערצעהלט דאס וויכטיגע קבלה־ווערק, דאס וויכטיגסטע ווערק פון דער אי־דישער מיסטישער ליטעראטור, וועלכעס ווייסט אויך צו דערצעהלען, אז דער ארץ ישראל הימעל האט א מחיצה און איז אפגעטיילט פון די הימלען איבער די אנדערע לענדער — מחיצות מבדילות בין רקיע הנרקע על ארץ העמים ובין רקיע של אויר ארץ ישראל.

דיעזע וויכטיגקייט פאר ארץ ישראל, וועלכע ווערט איהר צוגע־שריבען פון דער קבלה־ליטעראטור, ווערט אויך צוגעשריבען צו ארץ ישראל אין דער אפאלאגעטישער ליטעראטור, וועלכע האט אנגעהויבען צו בליהען אין דער אידישער שאפונג, אדאנק די אפטע צוזא־מענשטויסען מיט'ן קריסטענטום, און די אפטע דעבאטען מיט די קריסטליכע געלעהרנטע. אין איינעם פון די וויכטיגסטע אפאלא־געטישע ווערק, דעם ספר "נצחון" פון רבי ליפמאן, וועלכער האט

געלעבט ארום דעם סוף פון'ם פערצעהנטען יאהרהונדערט, ווערט ווידערהאָלט דער תלמודישער געדאנק (ציטירט לויט דער אמסטער־דאמער אויסגאבע פארעפענטליכט פון יואן קריסטאפער וואגענזייל) אז צוזאמען מיט דער אידישער באפרייאונג, וועלען ניט נור די אידען און דאָס לאנד אויסגעלייזט ווערען, נאָר אנדערע וועלען נאָך זיי אונטערטעניג ווערען, *) לויט רבי ליפמאן, וועלען די וואָס וועלען ניט באזוכען ירושלים ניט קענען געניסען פון דעם ארץ ישראל רעגען, און אויף זייערע פעלדער וועט ניט ארונטערנידערען דער גשם *) ווייל ציון איז די עיר האלהים, די געטליכע שטאדט, די שטאדט וועלכע וועט נאָך דערהויבען ווערען איבער דער גאנצער וועלט. *)

א זעהר פאפולער הלכה ווערק ביז היינטיגען טאג, דער שולחן ערוך אורח חיים פון ר' יוסף קארו (1575—1488) רעדט זעהר פיעל וועגען דער אבילות וועלכע דארף אָפגעהיט ווערען בנוגע ארץ ישראל.

די פארשיעדענע ספרים, וועלכע האָבען זיך באשעפטיגט מיט פארשפרייטען מאָראלע לעהרען צווישען די אידען האָבען קיינמאָל ניט אויסגעלאָזען צו באטאָנען די מאָראלע באדייטונג פון דער אמאָ־ליגער "ארץ אבות", דער "תנא דבי אליהו" למשל (א מדרש גע־שאפען אין איטאליען ארום דעם צעהנטען יאָהרהונדערט, דער אמת'ער נאָמען פון דעם מחבר איז ניט באוואוסט)., האָט צוזאמען מיט דער ליעבע צו גאָט אויך געפרעדיגט דעם טרויער אויף ירושלים'ס פארלוירענעם כבוד און דעם חוב צו בעטען, אז די אידישע גאולה זאָל וואָס שנעלער קומען, און דיעזע מאָראלע לעהרע איז אויך תמיד פארקערפערט געוואָרען אלס טייל פון דער הלכה.

"גלייך ווי עס הויבט זיך אָן ראש חודש אב", פסק'ענט דער

---

*) מכיון שבא משיח הכל עבדים לישראל — (סימן רנה'))

*) והיה המשפחה מכל הארץ אשר לא יעלו לירושלים עליהם לא יהיה הגשם. (סימן רסג').

*) השם יתברך יתן את ציון עליון על כל העולם. (סימן רפה').

שולחן ערוך, "דארף מען שוין פארקלענערען די פרייד, און אז א איד האט דאמאלס א משפט מיט א כותי, דארף ער זיך צוריק־האלטען צוליעב דעם שלעכטען מזל, וועלכער הערשט אין יענעם מאָ־נאט" (הלכות תשעה באב), דער גאנצער חודש אב, איז א חודש פון טרויער, ווייל אין איהם האבען די צוויי חורבנות פאסירט, אבער די טרויעריגסטע צייט איז די וואָך פון דעם חורבן, די וואָך פון תשעה באב — "א אידישע פרוי טאר דארום אין דער וואָך ניט וואַ־שען די קליידער פון אן עובד כוכבים" (דאָרט). דער העכסטער טרויער פון דיעזער וואָך, דערגרייכט אין דעם טאג פון תשעה באב — "ווער עס טוט דארום א מלאכה אין תשעה באב, זעהט פון דער מלאכה ניט קיין סימן ברכה", און ווער עס וואגט ניט צו טרויערען אין דעם טאג, דער וועט זיך קיינמאָל מעהר ניט ווידער פרעהען מיט שמחת ירושלים — "ווער עס עסט און טרינקט אום תשעה באב, וועט ניט זעהן ירושלים'ס פרייד און ווער עס טרויערט אויף ירושלים, וועט זוכה זיין, און זעהן איהר פרייד" (דארטען)

"זייט דער בית המדש איז חרוב געוואָרען", דערצעהלט אונז ווייטער דער שולחן ערוך, "האָבען די חכמים מתקן געווען, אז מען זאָל קיינמאָל ניט בויען קיין אויסגעווייסטען בנין, נאָר מען זאָל אויסשמירען פון אינווענדיג די ווענט מיט ליים, אויסקאלכען, און איבערלאָזען אן אייל אויף אן אייל קעגען דער טיר ניט געקאלכט. און אז דער חתן נעהמט א ווייב זאָל ער זיך לעגען אש אויף'ן קאָפּ, אויף'ן אָרט וואו מען לעגט תפילין (פאראן פלעצער וואו מען איז זיך נוהג צוצוברעכען א כוס ביי דער חופה, אָדער מען טוט אן א שווארצע זאך)".

דער זעכצעהנטער יאָהרהונדערט, איז דער יאָהרהונדערט פון דער אידישער געשיכטע, ווען די קבלה האט זיך שטארק אָנגעהויבען צו פארשפרייטען צווישען אלע פאָלקס־שיכטען, אנשטאט דעם וואָס פריהער איז זי נאָר געווען די לעהרע פון יחידים, די צרות און רדיפות האָבען געטריבען דאָס פאָלק צו דער וועלט פון מיסטיציזם. דער "זהר" וואָס האָט ביז יענער צייט צירקולירט נאָר אין כתב יד,

איז דאָס ערשטע מאָהל אָפּגעדרוקט געוואָרען, און פארשטעהט זיך, אז ער האָט דאדורך באקומען א גרעסערע פארשפרייטונג. דער געדאנק וועגען ביאת המשיח און וועגען גאולה האָט באקומען א ווייטערדיגע פארטיפונג, און אויך דאָ פארנעהמט דער גאולה געדאנק דעם פאָדערגרונד. ר׳ משה קורדואוירו, דער מקובל פון צפת (געבוירען אין 1571) הויבט אָן זיין ספר "תומר דבורה" מיט א תפלה, וועלכע ענדיגט זיך מיט דעם געבעט פון "ובא לציון גואל", און ר׳ חיים וויטאל (1620—1543) דער וויכטיגסטער תלמיד פון דעם אר"י הקדוש, און וועלכער איז נאָך דעם אר"י׳ס טויט געוואָרען דער וויכטיגסטער פיהרער פון די מקובלים,, האָט געפּרעדיגט אז "מען דארף תמיד טרויערען אויף׳ן חורבן פון דער אידישער מלוכה, פון ירושלים און דעם בית המקדש" און אז פארשנעלערען דעם קץ קען מען נאָר דורך תשובה און תעניתים. לויט ר׳ חיים וויטאל דארף מען צוליעב דעם חורבן מתפלל זיין נאָך מיט מעהר כונה ווי פריהער, ווייל פאר׳ן חורבן זענען די מחות מעהר מסוגל געוועזען *) פאר די תפלות, אָבער זייט דעם חורבן הערען זיך נאָר רחל׳ס געשרייען וועלכע באוויינט דעם חורבן פונ׳ם בית המקדש.

יפרח כתמר ציץ ישע
יציץ ופרח ישראל,
וסלח אל לשבי פשע
ויקבץ גלות אריאל —

גאָט פארגיעב די זינדיגע, זאָל ווידער אויפשפראצען און אויפבליהען ישראל, זאָל זיך ווי א טייטעלבוים צובליהען די האָפנונגשפּראָצונג, זאָלען די פארטריבענע געזאמעלט ווערען — אזוי בעט ר׳ ישראל נג׳ארה א פיוט און פאָעט פון דיעזען יאָהרהונדערט, און

---

*) אמנם אחר החורבן נסתלקו המוחין מן זעיר ונוקביה, לכן אנו צריכין להתפלל ולחזור המוחין אל מקומם כדי לזווג זכר ונקבה, (פרי עץ חיים — שער תיקון חצות).

וועלכער ווידערהאָלט, ווי זייגע פאָרגענגער די קלאסיקער־משוררים, די האָפנונג, אז ענדליך וועט דער גרויסער טאג פון דער אויסלייזונג קומען.

אָבער ניט נאָר אין דער העברייאישער שאפונג, וועלכע איז שפעטער איבערגעריסען געוואָרען, און איז ניט באנייט געוואָרען ביז מיט יאָהרהונדערטער שפעטער, האָט דיעזע בענקשאפט פון פאָלק נאָך זיין אמאָליגע לאנד אָן אָפקלאנג געפונען, אויך אין דער נייעסטער שאפונג פון די אידען, די שאפונג אויף דער שפראך, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען ארום דעם דרייצעהנטען און פערצעהנטען יאָהרהונדערט, האָט עס אָן אויסדרוק געפונען.

דער ערשטער וויכטיגער אידישער בוך, וואָס איז ערשיענען אין 1507 אין ווענעדיג — דאָס ״באבא־בוך״ פון אליהו לעוויטא, און וועלכעס איז געשריבען אין גראַמען, ווערט פארענדיגט מיט פאָלגענ־דען נאכווארט, וואָס איז א תפלה צו גאָט —

אונ׳ זאָל אונש דר ליזן אויש אונזרן פיין
אונ׳ זאָל אונש די גינוד געבן
דש מיר אל מושן זוכה זיין
משיח צייט צו דער לעבן
דער זאָל אונש פירן קען ירושלים היניין עבן
אודר ערגאנץ אין איין דערפליין דר נעבן.

אז ארץ ישראל האָט געפונען אן אפקלאנג אין דעם אידישען ליעד, וואָס האָט זיך דאמאָלס אָנגעהויבען צו ענטוויקלען איז צו זעהן, וואָס די האָפנונג פון צוריקקעהר האָט פארנומען אן אָרט אין דער פּאָעזיע פון יעדען אידישען דיכטער אין יענער צייט, אין א סעריע ״כלה־ליעדער״, וועלכע זענען פארפאסט געוואָרען פון לייב קוטנים, ארום דעם 16־טען יאָהרהונדערט, זינגט ער :

דאמיט וויל איך עס לאָזען בלייבען צום טייל
איך ווינש אייך אלען גליק אונד הייל :
זאָל אונז גאָט געבען די פרייד, דאָס משיח זאָל זיין בערייט

ווען עס שאן חתן אונד כלה וואר לייד —
אונד פיהרען אונז ווידער אין ארץ ישראל מיט ערען.

דאס ליעד, דער שיר איז שטענדיג מעהר מסוגל אויסצודריקען און צו אנטפלעקען די סודות פון דער נשמה און הארצען, איז דא־רום דאס אידישע ליעד א צארטע קייט פון אידישע ליידען און בענק־שאפט נאך'ן לאנד פון דער האפנונג און צוקונפט, אבער ביי דעם אליין האט זיך עס ניט אפגעשטעלט, אויך דאס אנדערע געשאפענע אין דער אידישער שפראך פון יענער צייט, ווייסט צו דערצעהלען פון ארץ ישראל.

א אידיש בוך וואס איז געבליבען פאפולער פאר פיעלע דורות דער ״צאינה וראינה״ פארפאסט פון יעקב במו״ה יצחק, ארום דעם סוף פונ'ם זעכצעהנטען יאהרהונדערט, א בוך וואס איז באזונדערס באליעבט געבליבען ביי דעראידישער פרוי, און וואס ענטהאלט פיעלעס, וואס די אמאליגע אידישע פרוי האט געקענט באגרייפען און פארשטעהן, רעדט שטענדיג פון ארץ ישראל מיט א שפראך, וואס הריקט אוים די גרויסע אידישע האפנונג צו זעהן דאס לאנד ווידער אויפגעבויט.

״ובתים מלאים כל טוב — הקב״ה האט ישראל צוגעזאגט, דאס זיי זאלען געפינען אין די הייזער פון ארץ ישראל דאס די אומות (וואס) האבען דרינען געוואוינט אלעס גוטעס. אפילו דאס פלייש פון חזירים איז מותר געווען צו ישראל, וואס זיי האבען געפונען פון די נכרים, און אויך אנדערע זאכען וואס די תורה האט פארבא־טען צו ישראל, האט הקדוש ברוך הוא דערלויבט די גאנצע זיבען יאהר אלס זיי האבען מלחמה געהאט אין ארץ ישראל״. (פרשה ואתחנן).

אזוי ווייסט די נאאיווע פאלקס־מעשה צו דערצעהלען וועגען ארץ ישראל, דאס לאנד פון דער אידישער פארגאנגענהייט, צו וועל־כען עס איז אבער פארבליבען מיט שטארקע פעדים צוגעקניפט, און ניט אויפגעגעבען די האפנונג פון ״שיבת ציון״ פון ווערען נאכ־אמאהל איבערגעפלאנצט אין דעם לאנד פון דער אמאליגער גרויסקייט.

צי עס איז געווען אַ היסטאָרישער טעות פון רבי יוחנן בן זכאי, ווען ער האָט געפאָדערט פון די רוימער אַ קולטור־צענטער אין יבנה, אָדער ניט — אַ פאַקט בלייבט עס דאָך, אַז די אידישע קולטור, די אידישע שאַפונג איז פאַרגעזעצט געוואָרען פון דור צו דור, און איז זי איבערגעריסען געוואָרען אויף אַ קורצע צייט, איז זי שפּעטער נאָך מיט מעהר אינערליכער קראַפט באַנייט געוואָרען.

נאָך'ן חורבן פון די ישיבות אין ארץ ישראל איז בבל אויס־געבויט געוואָרען אַלס קולטור־צענטער פאַר'ן אידישען פאָלק, שפּע־טער האָט זיך דיעזער צענטער אַריבערגעטראָגען אין די פיעלע קהלות פון פראַנקרייך, שפּאַניען און דייטשלאַנד, און ווען מיט'ן לויף פון דער אידישער געשיכטע, האָבען זיך נייע צענטרען אויס־געבויט אין די פאַרשיעדענע טיילען פון אייראָפּע — איז אויך דאָרטען די אידישע שאַפונג פאָרגעזעצט געוואָרען, און אין דיעזער נייער שאַפונג פאַרנעהמט ארץ ישראל דעמזעלבען בכבוד'ען פּלאַץ וואָס עס האָט פאַרנומען די גאַנצע צייט.

אין דריי ליניען איז געגאַנגען די נייעסטע אידישע שאַפונג — די פאָרזעצונג פון דער רבנישער און פּלפּול ליטעראַטור, די נייע אי־דישע ליטעראַטור, און די אויפגעלעבטע העברייאישע שאַפונג, און אין אַלע דריי, ווערט אויסגעדריקט די גרויסע בענקשאַפט און נאָך גרעסערע האָפנונגען צו ארץ ישראל.

אפילו אין דער השכלה פּעריאָדע פון דעם 19־טען יאָהרהונדערט, ווען עס איז געזונגען געוואָרען "זיי אַ איד אין הויז, און אַ מענש אין גאַס", זענען עס געוועזען נאָר איינצעלנע שטימען, און אויך די שטימען האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין די איבעריגע, וועלכע האָ־בען אויסגעדריקט די אידישע נאַציאָנאַלע האָפנונגען.

אין דער רבנישער ליטעראטור איז פארגעזעצט געווארען דער געדאנק, אז עס איז א מצות עשה פון דער תורה צו פאהרען וואוינען אין ארץ ישראל, און דער פסוק "וירשתה וישבתה בה" האט פארנו־מען א פלאץ אין יעדען רבנישען פלפול און דרוש.

רב יעקב עמדין (1697—1776) איינער פון די באדייטענדסטע אידישע געלערנטע און תלמודיסטען אין דעם 18־טען יאהרהונדערט, ערקלעהרט אין זיין "סולם בית אל" (זיין איינלייטונג צום סידור עמדין) אז, "יעדער מענש דארף ביי זיך באשליסען צו באזעצען זיך אין ארץ ישראל", און ער באקלאגט זיך אויף דעם, "וואס מען פארביליגט און מען פוילט זיך צו ביי דיעזער באליעבטער מצוה, וועלכע איז דער פונדאמענט פון דער תורה".

אין א צווייטען פלאץ, רעדענדיג וועגען די שערי תפלות, זאגט ר' יעקב עמדין —

"אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני — זייט וויסען און פאר־שטעהט, אז כאטש די שכינה רוהט אין יעדען ארט, דערגרייכט אבער ניט די תפלה צו די הימלען דורך א גלייכען וועג, ווייל זי מוז צוערשט זיך ריכטען קיין ארץ ישראל און ירושלים צום ארט פון בית המקדש, וואו געגענאיבער איז דער שער השמים."

אליהו הכהן, דער פארפאסער פון דעם זעהר פאפולערען און ביים פאלק באליעבטען מוסר ספר "שבט מוסר", שרייבט צווישען אנדערעס — "ווען מיר וואלטען קלוג געוועזען וואלטען מיר צורי־סען אונזערע קליידער אנגעקליידט זיך א זאק מיט אש, און אויפ־געהויבען א ביטערען געשריי אז גאט זאל זיך איבער אונז דערבאר־רימען און זאל וויעדער אויפשטעלען די איינגעפאלענע סוכת דוד", (דארטען פרק ב). און אין א צווייטער זאמלונג זיינער, אין דער מדרשים זאמלונג (מדרש תלפיות) שרייבט ער: —

"די אידען וועלכע וואוינען אין ארץ ישראל, שטאמען פון די עשר ספירות, און ווערען אנגערופען בני אל חי, — דערפאר אבער זענען די געבוירען אין חוץ לארץ פון א נידעריגער ספירה, ערשט

דאן, ווען מען באזעצט זיך אין ארץ ישראל, באקומט מען א נשמה פון א העכערער יצירה״.

אן אנדער פאפולער מוסר ווערק, דער ״קב הישר״ פון הרב צבי הירש, פארענדיגט זיין בוך ווענגן זיטען און עטיק (דארטען, סוף חלק שני), מיט דעם, וואס, ״די שטאדט ירושלים וועט נאך זיין פיער הונדערט מייל ביי פיער הונדערט מייל, און ווען דער בית המקדש וועט ארונטערנידערען פון הימעל אויף דער ערד, וועט הקדוש ברוך הוא, צונויפזאמלען די אידען קיין ארץ ישראל״.

די קבלה און די חכמה נסתרה, די גאנצע מיסטעריעזע ליטע־ראטור, וועלכע איז געשאפען געווארען אין דער פריהערדיגער פעריאדע, און וועלכע האט ארויסגעבראכט אזעלכע מקובלים ווי דער אר״י הקדוש און זיין תלמיד ר׳ חיים וויטאל, האט געשאפען דעם יסוד פאר דעם שפעטערדיגען חסידיזם, וועלכער איז ענטשטא־נען אין אכצעהנטען יאהרהונדערט, ווענענס באשעפער עס איז גע־ווזען ר׳ ישראל בעל שם טוב (1700—1760), און אויך די חסידות האט זיך פיעל באשעפטיגט מיט גאולה און ארץ ישראל. אין בעל שם טוב׳ס לעבען און אין זיין גאנצען פרעדיגען האט ארץ ישראל פארנומען פיעל פלאץ, און ווי עס דערצעהלט דער ״ספר שבחי הבעש״ט״, האט רב ישראל אויך געמאכט א פארזוך צו פאהרען קיין ארץ ישראל צו באזעצען זיך דארטען, און ערשט דאן ווען די ״חרב המתהפכת״ האט איהם זיך געשטעלט אין וועג, האט ער זיך צוריקגעקעהרט פון דער נסיעה זיינער.

רבי יעקב יוסף הכהן, דעם בעל שם׳ס א תלמיד, וועלכער האט געהאלפען באפעסטיגען די חסידות האט (אין יאהר 1780) פארעפענט־ליכט זיין ״תולדות יעקב יוסף״, די חסידישע ביבעל, אין וועלכען ער לויבט שטארק די ״מעלת השפלות״ ביי אידען, ווייל דורך דער ״שפלות״ האבען זיי זוכה געווען צו ארץ ישראל. תפלה, לויט׳ן בעל שם טוב׳ס תלמיד, געהט שטענדיג האנט אין האנט מיט גאולה.

איינער פון די באריהמטעסטע פיהרער פון דער חסידות אין ווא־לינער געגענט, לוי יצחק בערדיטשעווער (געשטארבען אין יאהר

1809), האט אין זיין "קדושת לוי" ווידערהאלט דעם תלמודישען געדאנק, אז מיט'ן אידישען גלות, איז אויך די שכינה אוועק אין גלות — שכיון שגלו ישראל משכינה כביכול עמהם, און אז יעקב האט געהארפט פארלאזען ארץ ישראל האט איהם גאט פארשפראכען אז די קדושת ארץ ישראל וועט מיט איהם מיטגעהן, אנדערש האט ער זיך געשראקען צו פארלאזען דאס לאנד. *)

ר' שניאור זלמן, דער "הרב מלאדי", וועלכער האט אין דעם סוף פון דעם אכצעהנטען יאהרהונדערט פיעל צוגעהאלפען צו דער פארשפרייטונג פון חסידות אין ליטע, און געגען וועמען די מתנגדים האבען געפיהרט א ביטערען קאמף, רעדט אין דעם "תניא" וועגען דער גרויסקייט פון צדקה, ווייל זי דערנעהענטערט די גאולה *) און אידען וועלען אויסגעלעזט ווערען נאר דורך צדקה — אין ישראל נגאלין אלא בצדקה.

די רבניש-רעליגיעזע ליטעראטור צווייפעלט קיינמאל ניט, אז ארץ ישראל וועט ענדליך ווידער אויפגעבויט ווערען און אז דער "לעתיד לבוא" וועט סוף כל סוף קומען, און די רבנים פון'ם ניינצעהנטען יאהרהונדערט האבען ניט נור אונטערשטיצט דעם געדאנק פון ישוב ארץ ישראל, נאר אויך געשטעלט זיך אין די רייהען פון די טוער פאר "שיבת ציון".

אין דעם ספר "שיבת ציון", תשובות וועלכע עס האט געזאמעלט אברהם יעקב סלוצקי, און איז ארויסגעגעבען געווארען פון די רוסישע "חובבי ציון" געפינען מיר א רייהע ארויסגעזאגטע מיינונגען פון

---

*) לכן הראה לו השי"ת שהר המוריה נעקר אצלו, ובזה סימן שלא יתירא שעבעבורו ילך עמו קדושת ארץ ישראל.

*) מעלת הצדקה ששקולה כנגד כל המצוות — מקרבת את הגאולה

רבנים, וועלכע באציהען זיך מיט דער גרעסטער ליעבע צו ארץ ישראל. *)

רב שמואל מאהליוועד שרייבט — מעלת ארץ ישראל גדולה כל כך שכל הדר בה, אפילו אין בידו לא תורה ולא מצות כבר דומה כמי שיש לו אלוה, און ער רופט אין זיין בריעף, אז ניט נור זאל מען וועגען ארץ ישראל טראכטען נור אין דער מחשבה, נאר יעדער איינער זאל פאר ארץ ישראל אלעס טאן מיט ארבייט און מיט געלט — בגופו ובממנו.

הרב יצחק יעקב ריינעס, דער שפעטערדיגער גרינדער פונ׳ם ״מזרחי״ שרייבט אין זיין תשובה — מצות ישוב א״י היא אחת המצות היותר גדולות, וכל המקיים אותה אשרי וטוב לו.

אין א בריעף וואס צבי הירש קאלישער האט געשריבען צו דער באריהמטער ראטשילד פאמיליע, — צו אשר אנשיל ראטשילד, זאגט ער, אז קיין זאך האט ניט אזא חשיבות, ווי ״שיבת ציון״. ״מעט מעט תבוא גאולת ישראל״, שרייבט קאלישער, וועמענס ספר ״דרישת ציון״ איז פול מיט דעם העכסטען עקסטאז פאר ארץ ישראל, א לאנד וועלכע מען מוז ווידער מאכען פאר אן ״ארץ נושבת״, פאר א באזעצט לאנד.

· ·

די רבנישע ליטעראטור, פון וועלכער יעדער ספר ווערט מעהרס־טענס פארענדיגט מיט׳ן נוסח פון ״ברכת הגואל״, מיט דער ברכה פון דער גרויסער האפנונג, די רבנישע ליטעראטור, וועלכע איז אוועק אזוי ווייט, ווי דער מלבי״ם, אוועקשטעלענדיג ישוב ארץ ישראל אלס א פארבאדינג פאר ביאת המשיח — ויהיה ישוב ארץ ישראל קודם ביאת המשיח — איז ניט געבליבען דער איינציגער טייל פון דער נייער אידישער שאפונג, וואס איז פול מיט ליעבע און גלויבען פאר ארץ ישראל, אויך די גאנצע נייע אידיש־העברייאישע ליטע־ראטור איז פול מיט דערזעלבער ליעבע און גלויבען.

---

*) שיבת ציון — קבץ מאמרי גאוני הדור בשבח ישוב ארץ ישראל יוצא לאור ע״י אברהם יעקב סלוצקי.

נאך אזוי פריה ווי אין יאהר 1714 האט דער מחבר משה בן אברהם אבינו גר צדק, ארויסגעגעבען א אידישע איבערזעצונג פונ'ם סחור מיט א שיר פון זיין טאכטער אלס פארורדע, א שיר פארענדיגט מיט דעם פאלגענדען סוף —

"דען דער פסוק טוט זאגן, עש ווערען זיך פרייען אלי לייט,
די אויף האש חורבן פון ירושלים האבן גיטון קלאגן,
אונ' דיא אויף דאש גלות האבען פאר טריבן גרושי לייד,
די ווערין מיט דער גאולה האבן גרוש פרייד.

דער נייגצעהנטער יאהרהונדערט האט צוגעזעהען די רענעסאנס פון דער אידיש־העברייאישער שאפונג, און אנהויבענדיג פון יענער צייט אן, און אהן אונטערבראכענער פארזעצונג, האבען תמיד די ארץ ישראל מאטיווען געפונען זייער ווייטערדיגען אויסדרוק אין דער אידיש־העברייאישער ליטעראטור.

דער גרויסער דענקער און דיכטער שמואל דוד לוצאטו האט אין דער ערשטער העלפט פונ'ם נייגצעהנטען יאהר הונדערט געזונגען —

סורה, גבר, סורה נא
זאת האזינה, זאת הקשב :
פה שבעת ימים תשב
תחת אהל המלונה :
דע אמנה כי לשנה
הבאה בירושלים (בסוכות) —

ווייס, דו מענש, אז נאר זיבען טעג פארברענגסטו דא, אבער קומענדען יאהר וועסטו זיין אין ירושלים, זינגט דיעזער דיכטער, וועלכער באקלאגט אין א ליעד "לתשעה באב" דאס, וואס עס איז געשעהן צו ציון, און דער דיכטער שעלט דעם טאג דעם נייגטען אב דעם טאג, ווען די פרייד איז פארשטערט געווארען —

כי בו גלה משוש גילה (דארטען)

און דער דיכטער בעט, אז פארגעסען זאלען ווערען זייערע זינד, און ישראל זאל צוריק געקעהרט ווערען.

נר ישראל　　מהר יהל
הבא גואל　　וזנח מרים
בבכי ויִלל　　לא נתגולל
לא יום לא ליל　　בכאב אנוש　(דארטען).

און דער דיכטער איז זיכער, אז זיין געבעט וועט דערהערט ווערען, און יאהרען פון פרייד וועלען ווידער קומען, אז די בת ציון וועט אויסגעלייזט ווערען —

תברכון　　ותאריכון
שנות שמחה　　יקר והון
ויתעלה　　לאום גולה
ובא גאל　　לבת ציון
ויבל שי　　לבן ישי
ועל כל גוי　　יהי עליון　(שיר ידידות).

גאט וועט זיך זיכער דערמאהנען אין זיין פאלק, און מען וועט נאך זוכה זיין צו זעהען בנין ירושלים —

נראה בישראל
עוד זרע רב ממנה
ועיניכם תראינה
בנין ירושלים　(דארטען).

אברהם מאפו, איינער פון די פאטערס פון דער באנייטער העברייאישער ליטעראטור זינגט הורך אמנונ'ס מויל —

עיר עז לנו ירושלים!
ציון קרית מועדנו;
בך בחר רוכב שמים,
בך יחד כל מחמדינו.　(אהבת ציון).

ווי שעהן איז דער הר הזיתים, די שטאדט וועלכע איז אויך א מוטער צו איהרע קינדער — דיעזע שעהנקייט פון אמאהל זעהט פאר זיך מאפו, אבוואהל דאס לאנד איז פארוואנדעלט געווארען אין א בארג פון חורבות.

ארץ ישראל איז אזוי וויכטיג, אז דער אידישער געלעהרנטער

און מחבר פון "מורי נבוכי הזמן" רב נחמן קראכמאל, איז מיט דער מיינונג, אז "כל הכתוב לחיים בירושלים" אז אלעס וואס וועט לעבען בלייבען וועט זיין אין ירושלים. אידען זענען א פאלק, וואס די מכות און צרות פארשטארקען עס נאר, און לויט אליעזר צבי הכהן צווייפעלס א געלונגענעם אויסדרוק, שטארבט עס אפילו מיט דער צוקונפטס־האפנונג אויף די ליפען —

אומה שמלמדת במכות ביסורים בנסים ובתפלה
שחיה ונשמת בזכות אבות ומתה בתוחלת עתידה,
(פון זיין בוך סניגור).

פרץ סמאלענסקין, וועמענס אויפטואונגען פאר דער נייער העברייאישער ליטעראטור זענען אונשעצבארע, האט פאר זיין הויפט העלד בן הגרי אין "נקם ברית", אן ערצעהלונג, וואס דער העבריי־איש־אידישער ליטעראטור־קריטיקער ראובן בריינין רופט אן "סמאלענסקינס נאציאנאלע צוואה", און דיעזער העלד, וועלכער איז געוועזען פון די אנטרונענע פון דעם פאלק, קומט ניט נור צוריק צו זיין פאלק, נאר ער שווערט אויך צו נעהמען נקמה פון די אידישע פיינט, א נקמה, וועלכע באשטעהט אין דעם, אז ער שווערט מקריב צו זיין זיך פאר דעם צוועק פון אויפצושטעלען ציונ'ס חורבות — לקומם הריסות ציון.

אויפצובויען דאס לאנד, בעט אויך אדם הכהן לעבענזאהן —

הרף אלהינו, חשך נא חמתך
ושובה רחם שארית בניך סלה —
(קול נאקת בית יהודה).

בעט אד"ם הכהן, וועלכער וואלט ווי פון א בליץ געטריבען, ווי פון א שטורם געטראגען, צום לבנון געפלויגען, צו דעם תבור און דעם כרמל, ווען ער וואלט נאר פליגעל געהאט —

אויה מי יתן לי כנפי ברק
ורעש קול נהמת רעם —
רגע אעופה מעל לבנון
מעל ראשי הררי תבור וכרמל —

מאַטיווען, איבער וועלכע עס האָט אויך געזונגען זיין זוהן, דער פריהצייטיג פאַרשטאָרבענער מיכה יוסף (געשטאָרבען אין 1852) אין זיינע "שירי בת ציון" ווען דער יונגער דיכטער האָט אָנגעשרי־בען זיינע ציון־שירים, פאַרגעסט ער ניט צוצושרייבען אַלס הקדמה צו זיינע ציון־ליעדער — "הנה שירי בת ציון שירי בת עמך תחזינה" — דאָס זענען ליעדער פון דעם איינענעם פאָלק, וועלכעס קלאָגט אויף ציונ'ס חורבות — "הנה בת ציון בת עמינו עומדת עוד על יד הריסות ארצות קדם האלה", און דער פאָטער האָט צו דעם זוהנ'ס ציון שירים צוגעשריבען :

ימצא פדיון לשיר בת ציון וינחם על הריסותו
וישאל מצירך מרפא לבשרך להשיב את שבותו —

א טרייסט וועלען זיי זיין פאַר ציונ'ס חורבות, און א היילונג פאַר זייער באַשעפער.

י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט אין דער נייער העברייאישער פּאָ־עזיע, אין וועלכער ער פאַרנעהמט אזא וויכטיגען פּלאַץ ארויסגע־לאָזען די לאָזונג —

היה אדם בצאתך ויהודי באהלך
אח לבני ארצך ולמלכך עבד
(הקיצה עמי)

זיי א מענש אויפ'ן גאס, און א איד אין הויז, און וועלכער האָט צום פאָלק גערופען, אז עס זאָל זיך נעהמען צו בילדונג, אָנהויבען רע־דען רוסיש, און דאַהורך מאַכען א סוף צום גאַנצען אורחה־לעבען, האָט ער אָבער אויך געשריבען פיעלעס, וואָס דערצעהלט וועגען דער טיעפער ליעבע, וואָס ער האָט טיעף אין האַרצען צו ציון גע־טראָגען. אין זיין ליעד "חנה" זינגט דער העברייאישער משורר פון נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט —

היכלך ציון העתיק חזיתי
על עיי מפלתו נפשי שפכתי
ובחרדת קודש אבניו רציתי
ועפר חרבותיו נשקתי, לכחתי;

דיין אלטען פאלאץ, ציון, האב איך געזעהן, ביי די בערג חורבות זיינע האב איך מיין נשמה אויסגעגאסען, מיט א הייליגער ציטערניש בין איך צו די שטיינער צוגעפאלען, געלעקט און געקושט דאס שטויב פון די חורבות. — די באציהונג זיינע צו ציון און ירושלים ווערט ווידערהאלט אין א רייהע ליעדער זיינע, און אבוואהל ער וויד־מעט זיין פעדער מעהרסטענס דער "בת השמים" די השכלה, דורך וועלכער ער האפט א נייעם פריהלינג צו זעהן, רייסט זיך דאך פון זיין הארצען, פון דער טיפעניש פון זיין נשמה, ארוים —

שם על הר ציון עוד תאיר הליל

(השחר נדמה נדמה)

אויף ציונ'ס בארג וועט נאך ליכטיג זיין, די נאכט וועט פאראיבער, און אהין וועלען אלע ציהען, — בנערינו ובזקנינו נלך — יונג און אלט וועלען געהן.

ווען דער טענדענציעזער השכלה־פאעט מיכל גארדאן (1823—1890) האט געזונגען —

"... נארישע חלומות
פון אלטע צייטען, פון גאר אלטע מקומות,
ניטא שוין יענע צייטען, ס'איז גאר א נייע צייט,
און פון יענע מקומות ביסט לאנג שוין גאנץ ווייט."

האט דיעזער רוף קיין אפקלאנג געפונען אינ'ם אידישען הארץ.

א, וואלט שוין דער אייביגער שבת קומען,
דאס דיעזער סמבטיון זאל אויף איביגער שטומען:
דאס דיין פאלק ישראל דיינע פרומע אידין,
זאלען שוין זיין מיט זייער לעבען צופרידען!

בעט אייזיק מאיר דיק אין זיין ליעד "א ליעד אויף שבת צו נאכט".

א. מ. דיקס'ס צייט־גענאסע, דער העברייאיש אידישער דיכטער אברהם בער גאטלאבער, אויך ער זינגט וועגען דער השכלה, וואס איז די הימלישע טאכטער, אויך ער זעהט דאס אידישע לעבען ווי א לאנגע קייט פון צרות —

נאָר צרות און לייד,
קיין עסען, קיין קלייד,
ווי ג׳ אפּסאַרני איז אין שטוב ביי מיר קאַלט
דאָס שטיקעלע ברויט
איז שווער ווי דער טויט —
און מע ווערט פון דעם גיך גרוי און אַלט. . . .״
(איש חסיד)

אָבער חוץ די צרות און ליידען איז אויך פרייד פאַראַן, און דיעזע פרייד איז ציון. ווי א פויגעל אין שטייג איז דאָס אידישע פאָלק, פון לבנון איז עס אָפּגעריסען געוואָרען, פון שלעכטע מענשען איז עס פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט געוואָרען, אָבער פונקט ווי ביים פויגעל האָט מען ביים פאָלק דאָס אָריגינעלע געזאַנג ניט געקענט אויסקרייבען, און דורך דעם געזאַנג ווערט אַ שעהנער חלום אויסגעוועבט —

אחדש כנשר
הברית והקשר,
ואשירה כפלים,
ובכלובי אשכחה,
ובציון אשמחה,
ובירושלים. (הצפור בכלוב).

פונקט ווי דער פאַרטריבענער בענקט נאָך׳ן אַמאָהליגען לאַנד, אַזוי בענקט אויך דאָס לאַנד נאָך די פאַרטריבענע, בענקט ווי אַן אומגליק־ליכע מוטער נאָך איהרע קינדער:

לשלום בני אשאל ימה וקדמה,
נגבה, תימנה, כל קצוי הארץ;

און די איינציגע נחמה פון דער מוטער ציון איז דאָס, וואָס אויך איהרע קינדער האָבען איהר ניט פאַרגעסען, פרעגען זיך נאָך איהר נאָך —

שפרה נחלתי, מאבלי נחמתי
כל עוד גם המה לשלומי שאלו.
(האם האמללה).

און ביים דיכטער, צוזעהענדיג די בענקשאפט פון דער מוטער און די קינדער רייסט זיך ארוים די תפלה —

רחוק אני ממך ששון לבי סגלתי, ולכן
אערך שוע לאל שמים,
השב שבות עמי וקרב קץ גאולתם בימינו
ועמים יפקחו עינים.
(שלום ירושלים)

קעהר אום דאס פאלק, און דערנעהענטער די גאולה, וועלכע זאל נאך זיין אין אונזערע טעג.

נאר דורך דער גאולה קען ארייננטרעטען די פעריאדע, ווען זיי "זאלען שוין זיין מיט זייער לעבען צופריעדען", און טראץ דער ארומיגער אייזערנער וואנטהגלות, האט דאס פאלק געפיהלט, אז פריהער אדער שפעטער, וועט דיעזע צייט מוזען קומען, ווען עס וועט צוריק מיט דעם מזרח ווערען איינס, און דאס פאלק האט מיט א פרעהליכען נגון געזונגען:

אין מיטען וועג שטעהט א בוים,
שטעהט ער איינגעבויגען:
פאהרט א איד קיין ארץ ישראל
מיט פארוויינטע אויגען.

גאט, גאט, ליעבער גאט!
לאמיר דאווגען מנחה —
אז מיר'ן קומען קיין ארץ ישראל
וועט זיין א גרויסע שמחה!
אין דעם העברייאישען ליעד קלאגט דער שרייבער —
ציון, ציון, עיר אלהינו,
מה גדול שברך, מי ירפא לך

מה נוראה מאד דביר קדשנו
יד אלהים אשר נגע בך.
("ציון" פון ר' מרדכי הלוי).

און אן עהנליכער טאן הערט זיך אויך אין אידישען ליעד —

א פארשטויסענער קען זיך נאך אמאל טרייסטען,
אבער דער וואס ליבט זיין לאנד
און זעט איר אין צווייטענס האנד,
דיזער וועט ביז צום קבר וויינען און קלאגין;
אלע טרייסטער וועט ער פון זיך פאריאגין,
ווייל די זון מיט די לבנה זיינען אים מיט איר
אפ גישטארבין

("קול ברמה נשמע" פון י. מ. וואהלמאן).

און דאס קלאגען האט זיך מיט דער בענקשאפט צוזאמענגעמישט, און עס זינגט דער דיכטער מ. צ. מאנע, וועלכער בעט זיך, אז ער זאל קענען פליגעל באקומען, און קומען צום לאנד, וואו די לופט היילט דעם קערפער און די נשמה, ער זאל קענען פליהען צום לאנד, וואו רב יהודה הלוי האט זיין נשמה אויסגעהויכט:

הה ! מי יתן כנפי נשר
לי, גם לי תולעה !
או כאדם, לו אך חפשי,
אשב או אצאה.

אז אעופה, אסע קדמה,
— שם שר, מת הלוי —
שם על שדמות בר ופרי
חיש יחשך כאבי.

איך, איך, אדמת קודש,
רוחי לך הומיה !

אויר ארצך, חיי נפש,
מרפא גם לגויה.

(משאת נפשי)

און פון דאס קלאגען און פון דער בענקשאפט איז די גרויסע האפנונג געבוירען געווארען. טיעף אין די הערצער פון פאלק האט צוזאמען מיט'ן צער די האפנונג געטליעט, און ווער עס איז נאהענט צום פאלק געוועזען, האט זיין אויג דאס שנעל געקענט דערזעהן. דאס האט באמערקט דער פאלקס-זינגער אליקום צונזער.

אויך ער קלאגט —

אבער ציון האט פארלארען איהר פארגעניגען:
איהר מאיאנטיק פארשפילט אין קאן
דער ארט בית לחם וואו מיינע ביינער ליגען,
גייט שוין אין אבילות אן געטאן.
דוא בארג לבנון, דוא געטער פריינד,
וואסערע פים צוטרעט דיך היינט?
דוא בארג מוריה, דוא הייליגער ארט, —
א מאהמעדאנער מאצעט שטעהט גאר דארט . . .

(רחל מבכה על בניה).

אבער ער פארגעהט ניט אין צער, ער שעפט דירעקט פון פאלקס-קוואל, און ער זעהט דארום וועגען וואס דאס פאלק טרוימט —

וואס זעה איך דורך די שויבען!
עס פליהען אן ווי טויבען —
מיין יוסף, מיין בנימין קלאפען אין מיין טיר,
אך הימעל, גאט, די וואונדער!
איך זעה דאך מיינע קינדער,
די ליעבסטע און די טרייסטע קומען אן צו מיר.

(שיבת ציון)

ער זעהט ווי דער טרויער ווערט אין פרייד פארוואנדעלט, ווי דער טרויעריגער וואכען-טאג ציהט אויף זיך א יום טוב'דיגען בגד ארויף —

אהער קומט, יענע יאָהרען!
איך בין יונג געוואָרען!
איך וואַרף אַראָפּ מיין טרויער, אהער מיין
זייַדען קלייד!

פיל ווערט מיין הויז שוין ווידער
עס הויבט דאָס הארץ, די גליעדער, —
פיעל פון מיינע קינדער פאָהרען מיט פרייד.
(דאָרטען)

דער פאָלקס־דיכטער, וועלכער באמערקט דאָס, ווערט א הייסער חובב ציון, און ער בענשט די וועלכע ווילען א ביי ארץ ישראל בויען —

בענשין,
זאָל נאָר גאָט די מענשין,
וועלכע שטיצען ציון,
צוריק דאָס לאנד באנייט!
בענש נאָר גאָט די ריצער,
די קאָלאָניען באשיצער:
די ארבייטער שטיצער,
די זרובבלם פון דער צייט
ווען פון די קאָלאָניען
וועט ווערען מיליאָנען
וועט ציון ערשט דערמאָנען
אָט דיעזע גרויסע לייט.
(די סאָכע)

און דאָס מויל וואָס בענשט די, וועלכע העלפען ציונס אויסבויאונג זעהט אויך ווי אזוי עס ווערט אויסגעבויט —

פרעהליכע בשורות קען איך אייך מיטטהיילען,
מיין יוגענד ווערט איצטער צוריק אָפּגעפרישט
עס קומען די קינדער, די וואונדען צו היילען,
צו בויען די חורבות, וואָס שטעהען פארוויסט.

זיי גרינדען קאָלאָניעס, און זעצען זיך ווידער
צום טיש ביי דער מוטער — ווי מוטהיג,
ווי פריי,
און עסען, און טרינקען, און זינגען לידער
די שפּראַך און די ביבעל לעבט אָפּ אויף
דאָס ניי;
און זיינען גאַנץ גליקליך, און לעבען ווי ברידער
מיין הארץ קוועלט צו שטעהן און צו קוקען
דערביי.

(א בריעף פון דער מוטער ציון).

דאָס האָט געזעהן ביים פאָלק דער פאָלקס־זינגער אליקום צונזער, און דאָס האָט אויך באמערקט ביים פאָלק א צווייטער פאָלקס־זינגער אברהם גאָלדפאדען, וועלכער זינגט —

דאָרט אויף דעם שליאך —
עלענד, אָהן א דאך,
שעפּעלאך א סך,
פארבלאָנדזשעטע שטעהן,
געדעטעט פון טויזט,
אין שרעקליכער נויטה,
צוריסען די הויט,
פון וועלפ׳ס שארפע צייהן,
דאָס זיינען מיינע ברידער
פון גאַנץ פיינעם שטאַנד,
בע׳גזל׳ט, פערטריבען
פון זייער פאָטערלאנד,
זיי זוכען אהיים,
א רוהיג שטיקעל אָרט,
גענוג שוין צו זיין נע ונד,
וואָס שטעהט איהר און טראכט?

אייער היים איז גאר דאָרט,
קיין ציון — השיבנו נאזאד.
(השיבנו נאזאד)

דער פאָלקס־דיכטער זעהט ווי דאָס פאָלק איז פארימאָמערט און פארקלאָגט, ווי מען רופט צו דעם שטענדיג צו — ״א איד ביזטו, געה ווייטער, געה !״ — און ווי דאָס פאָלק בענקט נאָך זיין מקור —

אוי, ציון, מיין הייליג לאנד,
ווי טהייער ביזטו מיר,
פארגעסען זאָל איך אין מיין רעכטער האנד,
אויב איך וועל פארגעסען ציון אָן דיר.
(מיין הייליג לאנד)

און די בענקשאפט אהין איז ביים דיכטער ווי ביים פאָלק ניט קיין אבסטראקטע —

כ׳וואָלט דיך געוואָלט וויעדער שוין זעהן,
ציון, אין דיין גאנצען פראכט,
און דאָס בית המקדש ווי רייך און ווי שעהן,
די זיילען פון מארמאר געמאכט.

און דאָס פרוכת מיט בריליאנטען געשמיקט.
און דאָס זילבער און גאָלד־געשיר,
און די כהנים האָבען זיך געבוקט,
און די לוים האָבען געזונגען דעם שיר.

און מיר אלע זאָלען בעטען, קומען צו דיר,
קיין שבט פון אונז זאָל נישט פעהלען;
און אלע ליידען און צרות פון פריהער
זאָלען מיר דאָס אין פריידען דערצעהלען.
(דאָרטען)

דאָס זעלבע זעהט אויך א דריטער פאָלקס־זינגער, א דיכטער וועלכער האָט זוכה געווען צו זעהן אין זיין לעבען, ווי זיינע ליעדער האָבען דורכגעדרונגען דאָס הארץ פון פאָלק — דער פאָלקס־דיכטער

מ. מ. ווארשאווסקי, פאר וועמען ציון איז דאָס אָרט, וואו די זון געהט קיינמאָל ניט אונטער:

צו ווייסט איהר ווי עס הייסט דאָס אָרט
די זון געהט קיינמאָל אונטער דאָרט?
איך וועל אייך זאָגען מיט איין וואָרט:
"ציון" הייסט דאָס אָרט.
שרייט זשע, קינדער צום בורא שמים:
"לשנה הבאה בירושלים"!

(לשנה הבאה בירושלים).

ציון — דאָס איז דער ענטפער צו אלע אידישע וועהטאגען, צו דער גאנצער אידישער ארמוט און נויט —

פיהלען וועלען מיר ניט קיין נויט,
גאָט וועט אונז געבען תמיד ברויט,
יעדעס פעלד מיט ברויט באשיט —
גיט קיין עין־הרע ניט!
שרייט זשע, קינדער, צום בורא־שמים:
לשנה הבאה בירושלים!"

(דאָרטען)

ציון איז חרוב, אָבער ציון קען ניט אייביג חרוב זיין, ציון מוז אייביג בליהען — און עס זינגט דער דיכטער, וועמענס שאפונג, שלום עליכם האָט אָנגערופען "די אמת אידישע פאָלקס־ליעדער" אין זיין ליעד "ציון" —

פון דער וועלט פאַריאָגט, פאַרטריבען,
און אין הארצען מיט א ווינד,
בין איך אליין דאָ געבליבען
אָהן א קינד און אָהן א רינד.
אלע זענען זיך צעפאָהרען
דער אהער און דער אהין,
און אויף מיינע אלטע יאָהרען
זינג איך מיר א ליעד פון ציון.

ציון ! ציון ! גרויסער נאָמען,
ציון ! ציון ! הייליג וואָרט,
אלטע בוימער ! שעהנע בלומען
וואקסען אויף דיין הייליג אָרט.
ציון ! דו ווערסט אייביג בליהען
תמיד ניי אין דיין געבאָט,
גרויסער גאָט דו ביזט אין ציון
ציון דו ביזט גרויס ביי גאָט !

גרויסער גאָט ! זאָלסט מיר באַשערען
צו־צופאלען דיין ערד,
און פארגיסען הייסע טרעהרען,
אויב — איך בין ביי דיר דאָס ווערט
צו־צופאלען צו די קברים,
צו דער וואנט פון דעם ״געוויין״
אוי ! כ׳בין אָבער אלט און אָרים
ציון וועל איך שוין מעהר ניט זעהן.

כ׳וועל פאר אייך דאָ, קינדער, בעטען
גאָט דעם זיסען פריה און שפעט,
ער זאָל אייך אהין בעגלייטען,
ווי׳ר האָט אונז אמאָל בעגלייט.
און אין ציונ׳ס גרויסען נאָמען
און אין ציונס הייליג וואָרט
נייע בוימער, נייע בלומען
זאָל ער לאָזען וואקסען דאָרט.

אז איך וועל אין קבר ליגען
וועט א פייגעלע צופליהען,
און וועט זינגען אָט דעם נגון
און דאָס ליעדעלע פון ציון :
ציון ! ציון ! גרויסער נאָמען,

ציון ! ציון ! הייליג וואָרט,
כ'האָב פון האָרט געבראַכט די בלומען
און א צווייגעלע פון דאָרט.

אַט דאָס צווייגעלע דאָס גרינע
האָב איך דיר פון דאָרט געבראַכט,
וואו עס שיינט אונזער אמונה
אונזער קרוין און אונזער פראַכט !
דאָרט איז קיינמאָל ניט ווינטער,
דאָרט איז קיינמאָל ניט קעלט,
ווייל די זון געהט דאָרט ניט אונטער,
און זי שיינט די גאַנצע וועלט.

ציון וועט באשיינען די גאַנצע וועלט, אָבער דערוויל איז זי חרוב און וויסט, אָבער ציון האלט אויסגעשטרעקט איהרע אָרעמס גרייט אויפצונעהמען די צוריקגעקומענע, זי וואַרט אויף איהרע פארטריבענע זיהן, זיי זאָלען איהר ווידער אויפבויען, און עס רופט דער העברייאישער דיכטער יצחק קמינר צום פאָלק :

הקבצו אחי בני יעקב,
כל הנקרא בשם הגדול ישראל.
הקבצו אל קהלת יעקב,
אל אמכם, אל כנסת ישראל.

זאמעלט זיך צוזונוף, קומט פון אלע זייטען צו אייער מוטער ציון, און זיי קומען —

קומי נא אומי, את ציון אובדת,
בניך ממרחק שבים אליך :
עורי נא, אורי, את מלכה בודדת,
עמך לך יתא, הוא נושא כליך.

זינגט י. ל. לוין (יהל"ל), זיי די ווייטע קינדער קומען צו דעם לאנד, וואָס איז דאָס שוואַרצאפּעל פון אויג, און ווען א מוטער

פארוויזעגט א קינד, זינגט זי ביים וויגעל וועגען דעם הייליגען לאנד, וועמענס זכרון מען מוז אפהיטען ווי דאס שווארצאפעל פון'ם אויג —

הארץ הקדושה
היא אבן הראשה
וכבבת עינים
נצר זכר ירושלים.

(שיר ערש פון ש. מאנדעלקערען).

מיט דער אויסברייטונג פון דער רוסישער מלוכה, זענען אלץ מעהר אידען ארונטערגעקומען אונטער'ן שוץ פון דער געוועזענער רוסישער ראמאנאוו־דינאסטיע, און דער גורל פון די מיליאנען אידען אונטער דיזען שוץ איז אלץ ביטערער און ערגער געווארען. געזעהן האט די השכלה פון דעם 19־טען יאהרהונדערט איין לעזונג דערצו, זיך אלץ מעהר צו צופאסען צום ארט לעבען פון די ארומיגע שכנים־רוסען, אננעהמען די מנהגים, די שפראך און זיך אין אלעמען רוסיפיצירען. דאס זעלבע האט אויך צוערשט געפרעדיגט דער משכיל משה ליב ליליענבלום, אבער דאס איז נאר געוועזען אין די יוגענד יאהרען, וועלכע זענען אפט אזוי פארפיהרעריש. דער אמאליגער משכיל איז אבער מיט'ן פארלויף פון יאהרען א הייסער חובב ציון געווארען, און ער בעט —

א פויגעל האט א נעסט, א שלאנג — א קווארטהיר,
יעדעס לעבעדיגעס — א וואהנונג נאך זיין שטאנד,
נאר דיין פאלק ישראל וויינט מען אומעהום די טהיר
נאר קברים קריגט עס פריי אינ'ם פרעמדען לאנד.
האב שוין רחמנות, גאטט, עפפען דיינע אויגען
בעוויז דיין כח, מאך פריי דיין שטארקע האנד,
ווייז שוין אויך דיין פאלק איין ארט דעם קאפ
צו לעגען —
פיהר אונז שוין צוריק אין אונזער הייליג לאנד.
(פון זיין דראמע "זרובבל)

געשטורעמט האט ארום דאס לעבען, וואס האט זיך אנטוויקעלט

מיט ריעזען־שריט אין פארלויף פון דעם 19־טען יאָהרהונדערט, לענדער און פעלקער האָבען זיך געביטען, אָבער "ישׂראל סבא" קען אין דער אלטער שבועה ניט פארגעסען, זיין אויג באמערקט דאָס ארומיגע, אָבער אין דעם אויער קלינגט דער אלטער "על נהרות בבל" און באנייט ווערט ווידער הורך'ן דיכטער־מויל די אלטע שבועה —

ווי אַ קענען מיר דען גאָטעס ליעדער
זינגען אין אַ פרעמדען לאנד ?
אויב איך פארגעס דיך, ציון, ווידער
אָפּפוילען זאָל מיין רעכטע האנד !

מיין צונג זאָל צו קלעפּען צום גומען
אויב איך וועל דיך פארגעסען ווען :
אויב דוא ועסט מיר אין זינן ניט קומען,
אויף אלע שמחות אין מיין פלען.

אזוי זינגט רש"י קאצענעלענבויגען אין זיין "על נהרות בבל", וועמענס טענער עס זענען די טענער פון די אויפגעהאנגענע הארפעס אויף די ווערבעס ביי די טייכען פון בבל.

ביים פאָלק האָט צער און יאוש געהערשט, די גויט איז געוואקסען, די רדיפות האָבען זיך פארמעהרט אָבער טראָץ דעם אלעמען, איז דער קיום פאָרגעזעצט געוואָרען, די פאָלקסטימליכע זינגער האָבען עס געזונגען אין דעם פאָלקס־וועהטאג אין פערזען פאראייביגט. "וואָס איז אַ איד?" — פרעגט דער פאָלקסטימליכער זינגער א. מ. שארקאנסקי, און ער ענטפערט :

אַ בעטלער, אַ שררה,
אַ וואָרים, אַ ריעז;
אַן אלטע הושענא,
אַ שטעכעדיגער שפּיז;
אַ בלום און אַ דאָרען,
אַ בראנד און אַ שטיק אייז;

אַט דאָס איז געוואָרען
ישראל דער גרייז
(וואָס איז אַ איד).

אָבער ווער עס האָט דאָס באַמערקט און געזעהן האָט אויך געזעהן, די גרויסע האָפנונג, וואָס הערשט טראָץ די אַלע רדיפות, און דער פאָלקסטימליכער פּאָעט זינגט דארום —

אַן אַלטינקע פידעלע
הענגט אויפ׳ן וואַנד,
דער שפּילער אַ אידעלע
נעהמט איהר אין האַנד.

באַריהרט ער דאָס סמיקעלע
צאַפּעלט זיין האַרץ,
און שפּיעלט ער אַ שטיקעלע,
פלאַמט אויף זיין שמאַרץ.

זיין וואונד גיט אַן עפען זיך
און עס טריפט בלוט,
געדאַנקען פיעל טרעפען זיך
אין דער מינוט.

זיין היים, די פאַרצייטיגע
קען ער און וויים,
זיין גוטע, די ווייטיגע
ליעבט ער נאָך היים . . .
(אַ אידישע פידעל)

די היים, די פאַרצייטיגע קען ניט פאַרגעסען ווערען, ציונ׳ס האָפנונג טראָגט מען ביז אין קבר אריין —

לא אשכחך, ציון, לא אשכחך תמתי !
את, עת אזכרה, תוחלתי ושברי

ועת הכל אשכחה — את שארית נשמתי
וציון, את ציון, תהי עלי קברי.
(״אם אשכחך״, פון מ. מ. דאליצקי).

אז דער זיידע פון דער אידישער ליטעראטור, מענדעלע מוכר ספרים (ש. י. אבראמאָוויטש), וויל שילדערן ווי גוט עס איז אידען אין בערסאָנער גובערניע אין רוסלאנד, וואו אידען האָבען קאָלאָניעס, גלייכט ער עס צו צו ארץ ישראל —

האָט איהר געהערט דאָס לאנד חערסאָן.
נישט ווייט פונ׳ם פעטער ישמעאל,
פון פויגעל מילך איז דאָרט פאראַן
פאר יודען ארץ ישראל.
(די אלטע מעשה).

פאר׳ן זיידען פון דער נייער אידישער ליטעראטור, איז דאָס אידישע פראָבלעם אין די אלע גלות־יאָהרען א רעזולטאט פון דעם, ״וואָס אידען האָבען נישט פאר זיך אליין זייער אייגען לעבען, וואָס קען אנדערש גאָר נישט געמאָהלט זיין סיידען דורך איין לשון, דורך איין שטייגער פיהרונג און דורך איין מקום מנוחה, (״א סגולה צו די אידישע צרות״), דאָס ברענגט דערצו, וואס עס ווערט געשאפען א לאגע, אין וועלכער עס איז אוממעגליך אי צו לעבען און אי צו שטארבען, און דיעזער צושטאנד האָט געבראכט, וואָס אנשטאט ״תהלים־זאָגען און אומקומען אויף קידוש־השם, האָט עס היינט ביי א סך אידען אויסגעשאָסען אין א שטארקען שטופען זיך קיין ארץ ישראל״ (דאָרטען). ניט די השכלה איז די רפואה צו די אידישע צרות, נאָר ציון. אָט וואָס עס זאָגט מענדעלים העלד בנציון, אין ״בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה״ :

״היינט, ווארט, איך וועל אייך זאָגען, וואָס ס׳איז היינט ! איז בנציון אויפגעשפרונגען, ווי אן אָבגעבריהטער. היינט זעהען מיר, אז דער עיקר איז ארבייט ! היינט פערשטעהען מיר, אז דער פריהערדיגער דור האָט געלעבט אין טעות, ניט קענענדיג אונזער פאָלק, ניט וויסענדיג, וואָס איהם פעהלט. זיי האָבען געהאלטען

די אידען פאר ווילדע בהואים, פאר פראים, נאך זייער נארישען שכל איז אויסגעקומען, אז דאריבער איז דאס אידישע מזל אזוי ביטער, האבען זיי געהאלטען אין איין שרייען השכלה. איצט ווייסען מיר, אז ניט פון השכלה וועט זיך צו אונז נעהמען די גאולה. אונזער אומגליק איז דער דלות, די שפלות, די געפאלענ־קייט, די נידעריגקייט אי ביי זיך אין די אויגען, אי ביי יענעם. אונזער איינציגע רפואה — איז ערד־ארבייט. היינט ווייסען מיר, אז מציון תצא ישועת ישראל".

י. ל. פרצ'ס באציהונגען צו ארץ ישראל זענען קיינמאל ניט קלאהר געוועזען, אבער זייִנע העלדען חלומ'ען יא וועגען ארץ ישראל —

האלט מען ביי פאהרען . . .
דאכט זיך מיר פארט,
איז ארץ ישראל
דאס איינציגע ארט . . .

ד'וויל זעהען, למשל,
אט, רחל'ס א קבר . . .
אויף ס'בית המדרש
פון שם און פון עבר . . .

דא ליגט א מלך . . .
א כהן . . . א נביא . . .
און היינט'שע, די כותל,
די כותל מערבי . . .

(דער בעל עגלה)

וועגען פאהרען קיין ארץ ישראל, טרוימט אויך איינער פון די בעסט־געשאפענע טיפען ביים קעניג פון אידישען הומאר, ביי שלום עליכמ'ן, — טוביה דער מילכיגער, און עס דערצעהלט טוביה —

"אזוי ווי ער האט דאס מיר אויסגערעדט, אזוי איז דאס מיר אריין, ווי איין אייזערנער צוויאק אין מוח אריין: שא! אפשר איז דאס גארניט אזוי קרום, טוביה, ווי דו מיינסט ? אפשר איז דאס

מאקי א פלאן ? וואָרום איידער האָבען אזא נחת פון קינדער, ווי דו האָסט, איז שוין אפשר גלייכער ארץ ישראל ? בהמה ! וואָס שטעלסט דו דאָ איין און וועמען האָסט דו דאָ ? דיין גאָלדע עליה השלום ליגט דאָך שוין במילא אין דער ערד, און דו אליין, נישט אויסגערעדט זאָל זיין ליגסט דען ניט בייען איילען אין דער ערד ? ביז וואנען איז דער שיעור צו טאפטשען זיך אויף דער וועלט ? . . . און אגב דארפסט איהר וויסען, פאני שלום עליכם, אז מיך ציהט שוין לאנג אהין, קיין ארץ ישראל, איך וואָלט א בעלן געווען זיין ביי דער כותל מערבי, מערת המכפלה, דער מוטער רחל'ס קבר, אנ־קוקען מיט מיינע אויגען דעם ירדן, דעם בארג סיני, דעם ים סוף, פיתום מיט רעמסס, ווי זיי זעהען אויס, וכדומה אזעלכע זאכען, און מיינע מחשבות טראגען מיך אוועק אהין, אינ'ם געבענשטען לאנד כנען, ווי זאָגט איהר, ארץ זבת חלב ודבש". (טוביה פאָהרט קיין ארץ ישראל).

ווען מען דערמאָהנט זיך, וואָס איז פון דעם ארץ זבת חלב ודבש געוואָרען, דאן קען דער שטראם טרעהרען מעהר ניט אין זיך איינ־געהאלטען ווערען און דער גרויסער, ערוואקסענער רבי, צואוויינט זיך אזוי ווי זיינע תלמידים, די קינדער. —

"דער ירושלים־איד האט איהם אויסגעמאָלט אקוראט, ווי אזוי און וואו, און וואָס און ווען, און מיין רבי האט געשלונגען די ווערטער, אנגעקוועלט געוואָרען ברייטער ווי לענגער, ווי א מענש, וואָס נעהמט אפּ א גרוס פון א נאָהענטען מענשען אין א ווייטער מדינה.

כותל מערבי ! — האט דער רבי געזאָגט צום ירושלים־איד — כותל מערבי ! אט דאָס איז אונז פארבליבען פון אונזער גאנצען בית המקדש, פון אונזער גאנצער מלוכה ! כותל מערבי ! כותל מערבי !

און דער רבי האט זיך צואוויינט. (כותל מערבי).

דאָס לאנד פון מילך און האָניג איז א מדבר געוואָרען, אָבער דאָך וויל מען אהין פאָהרען, און פאָהרען וויל מען, ווייל א קינד קען

קיינמאָל ניט אין דער מאמען פארגעסען, מען קען ניט ארויסלאָזען פון זכרון אן עלענדע מאמען, און קען מען אהין ניט קומען, שיקט מען כאָטש פון דערווייטענס א גרוס —

ווי זיס איז אונז דיין לופט און ליכט
חאָטש פון דערווייטען פיהלען וויעדער,
איין טראָפען חאָטש פון אלטען גליק
זאָל היינט דערפרישען אונזער גומען . . .
א גרוס דיר, אלטעס פאָטערלאנד,
מיט דיינע פרות, צווייגען, בלומען.

(הושענות)

אזוי שיקט א גרוס פון דערווייטענס דער דיכטער שמעון שמואל פרוג, ביי וועמען ציון איז אן אלטע טרייע מאמע,, וועלכע מען מוז געדענקען ביז'ן טויט, און וויל מען אן עהרליכער זוהן זיין, אן עהרליכער איד, דארף מען וועניגסטענס אין ארץ ישראל שטארבען —

„דערלעבען אוראייניקליך, בויען א קלויז
און שטארבען אין ארץ ישראל."

(אָהן אן ענטפער)

און שטארבען דארף מען דאָרטען, ווייל אלטע פעסטע בענדער בינדען דעם אידען צוזאמען מיט זיין געליעבט לאנד —

א, ניין, איך קען אין פרעמדע לענדער
ניט בעטלען געהן א היים מיט שאנד, —
נאָך בינדען אלטע ליעבעס־בענדער
מיך פעסט צו מיין געליעבטעס לאנד.

נאָך ווערען פול די מיעדע אויגען,
ווען איך דערמאָהן מיך אָן אמאָל,
ווען איך האָב זיסע רוה געזויגען
און ניט געהערט דעם טרייבערס קול

ווען איך האב ניט געקענט דעם האסער
און האב דעם עלענד ניט געפיהלט,
ווען איך האב ביי דעם ירדנ'ס וואסער
געשטיפט, געזונגען און געשפיעלט.

ווען איך האב מיינע שאף געפיטערט,
און נעבען מיר האט זיס און פרום
אין הייסער ליעבע שטיל געציטערט
ירושלים'ס שעהנסטע בלום.

נאך ווערט די ברוסט מיר פול מיט פריידען,
ווען איך געדענק די אלטע צייט, —
מיר דאכט, איך הער די טוידטע ריידען
צו מיר פון ווייט, פון זעהר ווייט.

מיר דאכט איך הער בעקאנטע שטימען
מיך רופען: "קום אהיים צוריק!"
און טיעף אין הארץ פאנגט אן צו גלימען
א האפנונג אויף א נייעם גליק.

(ירושלים).

אזוי זינגט מארים ראזענפעלד, ועלכער בעט,

א, אלוה סליחות!
מיר האבען דיין שליחות
פערריכט און דיינע לעהרען
געטראגען, ליכט צו מעהרען, —
בעטראכט דאך אונזער שטאנד!
בעווייז אונז דיין רחמנות:
בעפריי אונז פון סכנות,
פערהיט אונז פון פערדארבען
און לאז אונז ענדליך ארבען
דיין לאנד, דיין זיסע לאנד.

(א תפלה).

און דער דיכטער איז זיכער, אז זיין תפלה וועט דערהערט ווערן —
יעצט ברייינגט דיר מיין מלאך אהיים און בעקראנצט
דיין קאפּ מיט די בלומען פון שרון,
וואס דו האסט אין מאי פון דיין יוגענד געפלאנצט,
ווען דיר האט די זון פון הצלחה געגלאנצט,
אין אלטע אין גאלדענע יאהרען.
כ'קום ווידער מיט כלה־מתנות ניט קארג
בעגלייט פון א כאר מיט לוויים,
און בוי אויף דיין שלאס אויף דעם פרעכטיגסטען בארג,
און וועק אויף די זיסע נביאים.

(גאט און די כנסת ישראל)

די זון געהט אויף אין מזרח, און פארגעהט אין מערב, און פאר'ן דיכטער איז עס דער סימבאל, אז —

אין מזרח איז מיין היים געוועזן,
אין מערב איז מיין גלות,

(ציון).

דאס פאלק לעבט יעצט אין מערב, אבער עס חלומט פון דעם מזרח —
עס ליעגט אין טרונע פון דער צייט,
א מומיע ווי פון אלט מצרים,
אין פרעמדע וועלט־מוזעאומס ווייט,
און חלומ'ט פון ירושלים. . . .

(ישראל)

עס חלומט דאס אידישע פאלק פון ירושלים, ווייל עס איז זייט דעם חורבן, לויט ש. א. אנ—סקי'ס א גלענצענדעם אויסדרוק, געבליבען א גרים־פאלק, גרים אהן א היים און אהן א לאנד, אהן א הויז, און אהן א געצעלט, גרים אויף דער גרויסער ברייטער וועלט, און א פאלק פון "פרעמדע", קען ניט וויסען פון קיין פרייד, פון אמת־הארציגער פרייד, און די פרייד, וועלכע איז שוין יא פארהאן, איז אויך פארמישט מיט טרויער, און עס זינגט הער דיכטער יהואש —
א פאלק פון אבילות נאר ביסטו מיין פאלק,

וואָס טרויערט אפילו אין פריידען,<br>
דיין אויסזעהן, דיין הלוך, דיין ריידען, דיין קוק<br>
זיי קענען זיך קיינמאָל ניט שיידען,

פון יענעם פארשאָלטענעם איכה מאָטיוו<br>
וואָס איז דיר פארקראָכען אין בלוט שוין,<br>
פון שלאנגען זכרונות וואָס הערען ניט אויף<br>
דיין מח צו טאָטשען און מוטשען . . .

(זכר לחורבן).

יהואש זעהט אונז נאָר ווי א פאָלק פון אבלים, א לעבען וואו עס הערט זיך תמיד דער טאָן פון "אל מלא רחמים", אָבער צוזאמען מיט די טענער דערטראגט זיך אויך דער טרוים, דער ציון־טרוים:

פון ציון אויך, זיך טראגט א הויך,<br>
מען הערט און שפירט איהם קוים,<br>
ער גריסט און קוסט, אין יעדע ברוסט,<br>
אריין א גאָלדנעם טרוים . . .

און הערצער פיועל, וואָס זיינען שטיל,<br>
געווען א לאנגע צייט,<br>
זיי בליהען אויף, זיי גליהען אויף,<br>
מיט פרישער מוטהיגקייט . . .

און ס'בענקט דער איד, פון נאָרד און זיד,<br>
און וואו ער איז צושפרייט,<br>
עס האלט איהם פעסט, צום אלטען נעסט<br>
אן אונזיכטבארע קייט . . .

(ציון־ליעבע).

וואָס איז די אורזאכע פון דיעזער גרויסער בענקשאפט? ווארום ציהט עס העם אידען פון דרום, מערב און צפון צום מזרח? דעם ענטפער דארויף געפינען מיר ביי אונזער נאציאנאלען פאָעט, ביים גרויסען נביאישען דיכטער חיים נחמן ביאליק, דער דיכטער וואָס זינגט נביאישעס פאר זיין פאָלק, דער משורר וואָס איז צו זיין אומה

פון גאַט געשיקט. געהט מען מיט'ן דיכטער צוזאַמען דורך די גאַסען פון דער שחיטה־שטאָדט, שווימט דאָן פון זיך אַליין אַרויס דער ענטפער —

קום גיה אין שחיטה־שטאָדט, זאָלסט זעהן מיט
דיינע אויגען,
זאָלסט אַנטאַפּען מיט דיינע אייגענע הענד,
אויף צוימען, סלופּעס, טויערן און ווענד,
אויף שטיינער פון דער גאַס, פון אַלע העלצער,
דאָס שוואַרץ־פּערטריקענט בלוט מיט די געהירען
פון דיינע ברידערס קעפּ און העלזער.
(אין שחיטה־שטאָדט)

איז אַ וואונדער וואָס דאָס האַרץ ציהט אַוועק פון דאָרטען און בענקט אהין צום לאַנד פון ליטערער זונענשיין, וואָס די פיס ווילען לויפען פון די פּלעצער, וואו —

דו געהסט, דו לויפסט, דו פּלאָנטעסט זיך אין חורבן,
מעש, זילבער, פּוטער, שמות, זייד און אַטלעס,
צוריסענע, צופּליקטע אויף פּיץ־פּיצלעך,
מיט פיס צוטראָטענע שבתים יומים־טובים, נדנ'ס,
טליתים, תפילין, פּאַרמעט, שטיקער תורה,
יריעות הייליגע, קלאָר ווייסע וויקעלעך פון דיין
נשמה,
(דאָרטען)

און ווען די ווירקליכקייט, די אייגענע סביבה, איז אַזוי טרויעריג, מוז מען די אויגען ערגעץ־אַנדערש ווענדען טרייסט צו געפינען, און דער נאַציאָנאַלער דיכטער זינגט אין זיין "אל הצפור", וועלכעס איז אַגב זיין ערשט ליעד —

זמירי, ספרי, צפורי היקרה
מארץ מרחקים נפלאות,
הגם שם בארץ החמה, היפה
תרבינה הרעות, התלאות ?

התשאי לי שלום מאחי בציון,
מאחי הרחוקים הקרובים?
הוי מאשרים! הידעו ידע
כי אסבל, הוי אסבל מכאובים.

דערצעהל מיין פויגעל די וואונדער פונ'ם ווייטען לאנד, פון מיינע ווייטע ברידער אין ציון, צי ווייסען זיי די גליקליכע וועגען מיינע ליידען, און דער דיכטער בעט זיך, עס זאל איהם זינגען וועגען דעם שעהנען ווארעמען לאנד, וואו דער פריהלינג האט זיך אויף שטענדיג באזעצט —

זמרי, צפורי, נפלאות מארץ,
האביב בה ינוה עולמים
(דארטען)

זינג מיין פויגעל וועגען דעם לאנד פון אייביגען פריהלינג, ווייל דאס לאנד פון דעם אייביגען פריהלינג איז דער באלזאם צום דיכטערס הארץ, וואס בלוטעט פאר זיין פאלק, און ער בענשט דארום די, וואס העלפען דאס לאנד ווידער אויפבויען —

תחזקנה ידי כל אחינו המחוננים
עפרות ארצנו באשר הם שם;
אל יפול רוחכם — עליזים, מתרוננים
באו שכם אחד לעזרת העם!
(ברכת עם).

געבענשט און געשטארקט זאלען איבעראל זיין די הענט פון די וואס ארבייטען פאראייניגט פאר'ן לאנד, וואו עס זענען פארהאן

שדות בר, נחלת אבות ומרחב ודרור —
היש עוד בארץ מברך כמוך?
(אגרת קטנה)

דאס לאנד, וואו קארן פעלדער און פרייהייט זענען פארהאן אין דער פולער מאס, דאס לאנד וועלכעס ווערט פאר'ן דיכטער די איינציגע האפנונג, הער גאלדענער שטערען, וואס העלפט פארגעסען אין דער שחיטה־שטאדט:

זה כוכב הזהב, זה עמוד האש
המאירים את דרכי, מגיהים את לילי;
זה קול המנחמני ולחש לי : יש
לי תקוה, לא אבדה תוחלתי מאלי.
וכבר עיני רואות הציצים הרכים,
הצומחים כתקוה בנפש כל חי.

(האָרטען)

דאָס לאנד וועמענס גאָלדערנער שטערען און פייער־זייל, באלייכטען זיין פינסטערע נאכט, פון וואנען די טרייסט־שטימע דערגרייכט צו זיין אויער, וועלכע ברענגט די האָפנונג, צו יענעם לאנד זענען די געדאנקען פון דעם נאציאנאלען משורר געווענדעט —

. . . שם שלום מסביב אהלים ישליו,
שם ברוכי אלה שאננים מפחד בנויהם יתערו,
יביטו את חילם כי ינוב, שלמת עמלם יחזיו,
ולשם — כל רגשותי ינהו ושעפי ינהרו

(בשדה)

דאָרטען לעבען די מענשען ניט נור רוהיג, נאָר זעען אויך געבענשט פון גאָט, און פאר בויען דאָס לאנד, וואו איבעראל הערשט פריעדען זענען אלע נויטיג, אלע וועלכע זענען געבליבען גאנץ פון דער שחיטה, און נביאיש קלינגט דער רוף פון ביאליק'ן —

לעזרת העם ! לעזרת העם !
במה ? אל תשאלו — כאשר נמצאה !
במי ? אל תבדקו — כל לבו ידבנו !
מי צרת האמה בלבבו נגעה —
המחנה יאסף, אל נא נבדילנו !
כל קרבן — ירצה כל מתת — נאמנה —
אין בדקים בשעת הסכנה !
כל פליטות הטוב, שריד העז והאורה,
שהותיר עוד אל בלבבנו פנימה,
הבו נלקט, לאחדים נאגרה

ועל נס ביום חילנו נרימה;
וילקטו אלינו מקדם עד ים
חיל גדול לעזרת העם!

(למתנדבים בעם)

״צו הילף דעם פאלק — צו הילף דעם פאלק! מיט וואס? פרעגט ניט — מיט וואס איהר קענט! מיט וועמען? זוכט ניט צופיעל — מיט אלעם וואס א גוט הארץ וועט געבען, וועמענס הארץ עס איז גע־רידירט פון דעם פאלק׳ס־בראך, די מחנה וועט צונויפגעזאמעלט ווערען. יעדענס קרבן וועט אנגענומען ווערען, קיינעמ׳ס וועט ניט צוריקגעוויזען ווערען. יעדער געשאנק איז ליעב, אין צייט פון א געפאהר איז מען ניט צופיעל בודק. דאס וואס גאט האט נאך איבערגעלאזען אין אונזערע הערצער, דאס גאנצע גוטע, וואס איז נאך פארהאן אין אונז,— דאס זאלען מיר צונויפקלייבען, אויף אונזער פאן אויפהויבען, און ארום אונזער פאן ווערלען זיך אלע זאמלען, פון מזרח ביז מערב, די ארמיי פאר פאלקס־הילף״. — דיעזע טרייסט און גלויבען האט פאר׳ן פאלק דער דיכטער, וועלכער האט אין דער נייער העברייאישער פאעזיע איינגעבראכט דעם ישעיה טאן ווי אויך ישעיה׳ס שפראך.

יאהר אויס, יאהר איין, אין דעם טאג פון דעם נייינטען אב צו־טראגט זיך איבער׳ן ערד־קוגעל דער טרויערדינער איכה־נגון, און דאס קען ניט פארהערט ווערען פון דעם דיכטער, און הערט ער נאר דיעזען נגון, דאן ווילט זיך דעם דיכטער א סוף מאכען צו דעם הארצרייסענדען טרויער־נגון, און עס זוכט דער דיכטער א וועג, פון דעם טרויער זיך און זיין פאלק צו באפרייען. מעג דער דיכטער בלאנדזשען, ניט קענען געפינען דעם שליסעל צום ענטפער, אבער ער קומט דאך ענדליך, נאך פיעל בלאנדזשען צו דער איבערצייגונג, אז דער איכה־ניגון וועט נאר דאמאלס אויפהערען צו קלינגען אין אידישען אויער, ווען דאס קינד וועט זיך צו דער מוטער צוריק־קעהרען, ווען די מוטער וועט וויעדער איהר קינד געפינען.

אברהם רייזען האָט געהערט דעם איכה־ניגון, יענעם מאָטיוו, וואָס רייסט זיך ארויס פון אבלים, זיצענדיג אויף דער ערד —

און די שוהל איז פול מיט שאָטען,
פול מיט מתים, ווייסע, בלייכע — — —
ירמיהו שטעהט פאַר די אויגען
שפּרייט די הענד אויס, יאָמערט: איכה
(איכה)

און דער איכה־ניגון האָט איהם ענג צוזאמענגעבונדען מיט זיין פאָלק,ביידע האָבען זיי דעמזעלבען שיקזאל, ביידע וואנדערען ארום, און ליידען דיזעלבע שפּאָט און שאנד, ביידע ווערען נאכגעיאגט פון שווארצע וואָלקענס, און ביידע זעהן די ליכטיגקייט פון ארץ ישראל, —

אין ארץ ישראל איז ליכטיג,
אין ארץ ישראל איז ריין;
און טאָמער פעהלט אויס דאָרטען ברונעמס,
איז טרינקט מען דעם רעגען אליין.

אין ארץ ישראל הערשט יושר,
גאָט'ס שטימע פון אומעטום רופט;
און טאָמער פעהלט אויס דאָרטען שוהלען,
מאכט קלוג דאָרט דעם מענשען די לופט.

אין ארץ ישראל הערשט חדוה,
און ס'פיהלט זיך דאָרט גליקליך דער איד:
און טאָמער פעהלט אויס דאָרטען פידלען,
רוישט שטענדיג דער ירדן זיין ליעד.
(אין ארץ ישראל)

צום לאנד פון פרעהליכקייט און חדוה שטרעבען ביידע, דער דיכטער און דאָס פאָלק, ווייל גרויס איז דער צער פון די, וועלכע זענען פון דעם ארץ אבות אפּגעריסען געוואָרען, אפילו גאָט וואַרט אויך אויפ'ן גרויסען מאָמענט פון דער גאולה, ווען די אידען און דאָס לאנד וועלען ווידער איינס ווערען.

"און פארלאָזט האָט יהוה די אבות אויף זייערע ערטער זיצען, פערלאָזט האָט ער משה'ן און די מוטער רחל, פארלאָזט האָט ער דעם גאנצען הימעל־קרייז — און אָנגענומען א מענשליכעס געשטאלט און איז געגאנגען מיט די אידען אין גלות אריין. אָנגעטראָפען האָט ער זיי ביי דעם טייך פון בבל זיצען, אריינגעגאנגען איז ער צווישען זיי. אזוי האלט ער זיך אין גלות אויף און געהט מיט זיי פון טייך צו טייך, וואו עס איז דאָ א פיין, וואו עס איז דאָ לייד, איז ער דערביי. ער הערט דעם געוויין, ער זעהט די שאנד, און די אהנמאכט זעהט ער — און ווי זיי ווארט ער אויף די גאולה" — דער־צעהלט אונז שלום אש אין "חורבן ירושלים".

לאנג איז דער וועג צו פרייהייט, און ווייט איז די גאולה — אָפטמאָל ברענגט עס דארום דעם אידישען דיכטער צו פארצווייפלונג, און עס צאפעלט זיך דאָס הארץ אין ספקות,—

את שיר זה ומלא נהי מי ישיר באחרונה ?
אם קצו תשמענה אזנים ??
או למראה בנים כי שבו ציונה
תפסק זאת שירת הנבאים;
תהי שירת נצחון, תריע בגאונה,
לה יען קול תף ומצלתים ?
או בזעקת שבר, באחרית הימים,
השירה הקינה תנתק — לעולמים.

(אנחות כנור)

ווער וועט צום לעצטען זינגען דאָס קלאָג־ליעד, וועלען נאָך בלייבען אויערען צו פארנעהמען זיין ענדע, אָדער צי וועט זיך נאָך דערהערען דאָס געזאנג פון זיעג, דער פריידענס־שאל פון קינדער וועלכע קעהרען זיך אום קיין ציון וועט זיעגען די פרייד אָדער פארקעהרט דאָס קלאָג־ליעד ? — אזוי זינגט פול מיט ספקות דער העברייאישער דיכטער שאול טשערניכאווסקי. אָבער דער צווייפעל האלט ניט לאנג אָן. צו גרויס זענען די סמנים פונ'ם נייעם לעבען, אז דער דיכ־

טער זאָל זיי ניט באמערקען, און דער משורר, וועלכער האָט נאָך וואָס געצווייפעלט זינגט ווייטער אין זיין ליעד "חיים חדשים" —

מה יזעף, יתגעש,
מה יהום הים ?
התבין סוד שיח
הגלים בדכים ?

— מחפי ים קדם אתאנו אנחנו,
בדרך הרחוקה מהרנו, לא נחנו,
על בדלח מימנו נשאנו דליה
מארץ יהודה עדי גבול רוסיה :
לא פסו עוד חיים עלי הררי ציון.

פארשוואונדען זענען די שווארצע וואָלקענס די "עננני חשך" אויף ציון'ס בערג הערט זיך ווידער די שטימע פון'ם "לעבען", און פון ווייטע וועגען איילען אהין די פארטריבענע זיהן, אויך די כוואליעס פון דעם ים דערצעהלען וועגען די געקומענע פון דער ווייט. און וואָס איז מיט די פאלעסטינער הימלען ? זיי זענען געוועזן פארוואָלקענט, אוועק זענען אָבער די שאטענס, דער מאָרגענשטערען איז אויפגעגאנגען, און ווען א מוטער פארוויעגט יעצט מיט געזאנג איהר קינד, איז עס שוין אן אנדער ליעד, א ליעד אָהן אן "איכה" נגון, עס זינגט יעצט די מוטער —

על הירדן ובשרון
שם ערביים חונים,
לנו זאת הארץ תהיה —
ואתה תהי בבונים !
ויום יקומו נשאי דגל
אל תמעלה מעל;
אל כלי זינך בגבורים —
כי שמשני יעל

(שיר ערש)

אויף'ן ירדן און אויף'ן שרון רוהען יעצט די בויער, — צו אונז געהערט ווידער דאָס לאנד, אונזער זון איז ווידער אויפגעגאנגען, און הויך פלאטערט די פאָן פון אויפלעבונג, אוועק איז דער אייביגער טרויער, צוליעב דער אויפגעהענדער זון אין מזרח. די "בת ציון האומללה", ציונס טאכטער די אומגליקליכע, איז שוין היינט א "בת ציון צוחקת", װעלכע שטראהלט און לאכט פון גליק, און מעג דאָס גליק דערווייל נאָך ניט פאָלשטענדיג זיין, רופט דער דיכטער צו וואפען, צו פארפאָלקאָמענען די גאולה —

נריקה החרב כזקן, כנער!
מי זה הירא ורך הלבב?
נשינו, טפינו כי ירדו השער,
חלוצים נצאה ונאסור הקרב.
(נס ציונה)

אלט און יונג — ציהט די שווערדען. ווער שרעקט זיך עס? אלע וועלען מיר געהן צום קאמף, צום פרייהייטס קאמף.

צו געווער — צום קאמף פאר דער אידישער פרייהייט און ארץ ישראל רופט אויך ווי שאול טשערניכאָווסקי דער דיכטער יעקב כהן:

קמנו שבנו! ומחדשי־איל, צעירי אונים
קמנו שבנו אנחנו — בריונים!
באנו לגאל ארצנו בסער מלחמה —
אנו תובעים הנחלה הזאת ביד רמה!
בדם ואש יהודה נפלה,
ובדם ואש יהודה תקום!

. . . . . . . .
. . . . . . .
. . . . . . .

הבה נלחם לדרור, בעד ארצנו נלחמה,
ואם הדרור מת לעד — תחי הנקמה!
אם אין משפט בארץ — לו תשפט החרב

ולו גם נפל כחול — מזכותינו לא נרף!
בדם ואש יהודה נפלה,
ובדם ואש יהודה תקום!
(בריונים)

מיט שטורם און קאמף זענען מיר געקומען דאָס לאנד באפרייען, מיר מאָהנען מיט שטאָלץ אונזער ירושה, מיט פייער און בלוט איז יהודה געפאלען, און דורך פייער און בלוט וועט יהודה אויסגעלייזט ווערען, און אויב טויט איז אונזער פרייהייט זאָל וועניגסטענס לעבען די נקמה, און ווען מיר זאָלען אפילו פאלען אין דער שלאכט, פון אונזער גערעכטער פאָדערונג וועלען מיר זיך ניט אפּזאָגען.

די מלחמה, דער קאמף פאר דער ווידערעראָבערונג פון דער אלטער היים איז אין פולען גאנג, עס הערען זיך די "פעמי משיח", די משיח טריט, וועלכע זאָגען אָן די גאולה, און עס געהט פאָר־ווערטס די אידישע באפרייאונגס־מחנה, וועמענס ליעד עס איז דאָס ליעד פון דער האָפנונג, וועמנס הימן עס איז די "התקוה", און געפינען זיך שטיינער אויף׳ן וועג, וואָס ווילען צוריקהאלטען די מאר־שירענדע מחנות, ווערען זיי מיט א הילכיג געזאנג אפּגערוימט, מיט׳ן געזאנג פון נ. ה. אימבערס ליעד, וואָס דאָס פאָלק האָט פאר זיין הימנע געמאכט —

עוד לא אבדה תקותנו,
התקוה הנושנה:
לשוב לארץ אבותינו,
לעיר בה דוד חנה.

* * *

מיר האָבען געזעהען דאָס אָרט, וואָס ארץ ישראל פארנעהמט אין דער נייער אידישער שאפונג, אין דער נייער העברייאיש־אידי־שער ליטעראטור, די ליטעראטור, וועלכע געהט האנט אין האנט מיט׳ן לעבען.

"הנה כן היה ישראל לגוי קו־קו בארץ התקוה היא חייהו ואורך ימיהו" — אזוי איז ישראל געוואָרען א פאָלק פון האָפנונג, וועלכעם

שטרעבט צום לאנד פון זיין האפנונג, דאס איז זיין לעבענס־קראפט און מיט דעם ערקלעהרט זיך זיין אויסדויער — אזוי שרייבט גוסטאוו קארפעלעס אין זיין געשיכטע פון דער העברייאישער ליטעראטור, און ווען אזוי ווערט ערקלעהרט דאס לעבען, איז דען א וואונדער, פאר־וואס עס געפינט אזא אפקלאנג אין דער ליטעראטור, ווען "הערשעלע"

למשל, איינער פון יעקב דינעזאהנ'ס באקאנטע טיפען, נעהמט אלס ישיבה־בחור אויס ביי זיין בעל הבית'טע, צו וועמען ער איז געלאדען אויף פסח, מיט זיינע חרוסת־מאכען, לויבט איהם די בעל הבית'טע ברייטדעלע "אז די חרוסת איז גאר אן אנטיק, מען מעג אזא אין ארץ ישראל עסען" (הערשעלע— א ראמאן פון קליינשטעדטעלדיגען לעבען).

אבער ניט נור אין דער העברייאיש־אידישער שאפונג האט ארץ ישראל געפונען אן אפקלאנג. ארץ ישראל איז אויך געוועזען און איז די טעמע פון פיעלע אידישע דיכטער, וועלכע האבען געשאפען און שאפען אין שפראכען, אנדערע ווי אידיש און העברייאיש.

גוסטאוו קארפעלעס אין זיין אפהאנדלונג איבער דער אידישער ליטעראטור ברענגט פאלגענדען צעטעל פון נעמען, וועלכע האבען אין דער דייטשער שפראך געזונגען "שירי ציון", לידער וועגען ארץ ישראל, — שטיינהיים, וויהל, ל, א. פרענקעל, מ. בעער, ק בעק, ט. קרייינאך, מ. הארטמאן, ס. ה. מאזענטאל, הענריעטע אפענהיימער, מאריץ ראפאפארט, י. ל. שטיין און אנדערע.

אפילו היינריך היינע, דער גרעסטער מייסטער פון דער דייט־שער פאעזיע, אויך אין זיינע ווערק, (הויפטזעכליך אין דער "ראמאנ־צערא") רעדט ער, וועלכע איז אזוי ווייט אוועק פון זיין פאלק, ווי א בענקענדער זוהן נאך דער מוטער ציון.

א גאנצע וואך איז דער איד פאריאגט, איז "א וואלקולאק, א מיאוסער", איז פון א מכשפה אין א הונט פארוואנדעלט געווארען, קומט אבער אן דער שבת, ווען ער איז פריי פון די וואכעדיגע דאגות, דאן זענען דעם אידענס מחשבות גאר אנדערע —

הער איך ניט דעם ירדן רוישען ?
איז דאס ניט א קלאנג פון קוואלען

אין דעם פאלמען־טאָל פון בית אל,
וואו סע הויערען די קעמלען ?

הער איך ניט די הערדען־גלעקלאך ?
איז דאָס ניט א קול פון שעפסען,
וואָס דער פאסטוך טרייבט אראָפּ צו —
אוועגט־צייט פון הרי גלעד ?

(פרינצעסין שבת — אין ביאליקס איבערזעצונג).

אנדערע מחשבות זענען דאָס גאָר, אין דער פרייער מינוט, ווען פונ׳ם הונט ווערט ווידער א פרינץ, באהעפט ער זיך צוריק מיט׳ן אלטען מקור, און זיין נשמה ווערט דערציטערט, מיט ליעבע אָנגע־פילט פון דעם וואָרט ירושלים, די ירושלים, אויף וועמענס גאולה דער איד האָט געהאָפט, און האָט הייגריך היינע אפילו זיך געמענט טרייסטען מיט דעם, וואָס דער תנ״ך דאָס בוך פון אלע ביכער, דער ספר הספרים איז די טרייסט פאר חורבן ירושלים, איז עס אָבער נאָר א טרייסט, און קען קיינמאָל ניט פארבייטען דאָס היימלאנד, אויף וועמענס חורבן אלע קלאָגען —

״גרוים און קליין באוויינען, אפילו מענשען קארג אין טרעהרען, די פרויען, די בלומען און די שטערענס אלע באקלאָגען דיר, און אלע טרעהרען פליסען צום דרום און פאלען אריין אין דעם ירדן־שטראָם״ —

אזוי באזינגט עס היינע מיט זיין פּאָעטישער מייסטער־שפּראך אין ״די אידישע ליידען״ אזוי זינגט דער דיכטער וועגען דער האָפ־נונג, וועגען דער גאולה, און פארזאמט זיך דערוויייל דער גאולה־טאג, די משיח צייט, גלויבט אָבער דאָך דער איד, אז דער פולשטענדיגער פרייהייטס־טאג וועט ענדליך קומען, ואף על פי שיתמהמה עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבא — איז געוואָרען איינער פון די דרייצעהן עקרים, וואָס האָט זיין אויסדרוק אין דער גאנצער אידישער שאפונג געפונען, די שאפונג וועלכע דריקט אויס איהר צאָרן און כעס געגען גלות רוים, און רופט פאר דער באנייאונג פון זיין

געשיכטע פון זיין דברי הימים אין דעם אלטען פאטערלאנד. יאהרען און חורות זענען אוועק, אבער גלות רוים האט ניט געקענט באזיעגען די ירושלים האפנונג, וועלכע טליעט אינ׳ם אידישען הארצען, און דורך׳ן מויל פון דעם רעוואלוציאנערען אידישען דענקער משה העס רופט דער נייער איד צו אלע פאלקס-טיילען —

״איהר האט געגוג געהאלפען צו ציוויליזירען די פעלקער, ארויס־צוברענגען אייראפע אויף דעם וועג פון פארטשריט, ארויסצורופען און צו אונטערשטיצען רעוואלוציעס — יעצט מוזט איהר דענקען וועגען זיך זעלבסט, וועגען די בערג פון לבנון, וועגען דאס גרויסע לאנד ארום כנרת״.

״דאס אלטע פאטערלאנד רופט אייך ! דער טאג, אין וועלכען די שבטים וועלען זיך צוריקקעהרען, וועט מאכען אן עפאכע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.״ (רוים און ירושלים).

און עס איז דער באוואוסטזיין וועגען דער נייער מענשליכער עפאכע, וואס וועט זיך מוזען אנפאנגען מיט אונזער נאציאנאלער וויע־דערגעבורט אין יענעם לאנד, וואס פאלעסטינא איז געווארען דער צענטער ניט נור אין דער אידישער שאפונג, נאר אויך וועגען וועלכען עס האבען אויך געזונגען און עס זינגען פיעלע ניט־אידישע דיכטער און פאעטען.

ר׳ חייא בר אבא און ר׳ שמעון בן חלפתא האבען איין פריהמארגען שפאצירט אין טאל פון ארבאל, און האבען געזעהן ווי דער מארגענשטערען איז אויפגעגאנגען, האט ר׳ חייא געזאגט צו ר׳ שמעון: אזוי וועט קומען די גאולה פון ישראל. פון אנהויב וועט זי ארויפשווימען ביסלאכווייז, דאן וועט זי מעהר אויפלייכטען, דאן וועט זי זיך פארגרעסערען און פארמעהרען, און וועט אזוי אנהאלטען אין איין פארגרעסערען זיך. (שיר השירים רבה).

יונה היא סימן לישראל — כשם שהיונה שבה אל התיבה, כך ישראל עתידים לשוב לארצם מן הגלות. (מדרש אגדה, נח) פונקט ווי די טויב האט זיך אין נח׳ס טעג צוריקגעקעהרט צו דער תיבה אזוי וועלען די אידען אויסגעלייזט ווערען פונ׳ם גלות, און דורך דער גאולה צוריקקעהרען אין זייער לאנד ארץ ישראל.

גאולה און ארץ ישראל, די האפנונג באפרייט צו ווערען, די פארגאסענע טרעהרען פאר זיין אפגעריסען פונ׳ם לאנד, וועלכעס האט אזא שעהנעם אויסדרוק געפונען אין דער אידישער שאפונג, האט אויך ממילא דורכגענומען אלע פאזען פונ׳ם אידישען לעבען, דאס לעבען, פון וועלכען די אידישע שאפונג האט איהר יניקה געצויגען. אין אונזערע מנהגים און תפלות, אין די וואכען טעג און יום טוב טעג, אין פרייד און אין טרויער, אינ׳ם פאלקס־ליעד און אין די פאלקסווערטלאך, אין די צו פרייהייט שטרעבענדע משיח־באַוועגונגען, און אין דעם רוף צו טראגען דעם יאך פון גלות מיט אהבה — זיי אלע זיינען דורכגענומען פון ארץ ישראל, זיי אלע זענען באהערשט פון דעם געדאנק, אז פונקט ווי א טויב, וועט זיך

נאך דאס פאלק צו זיין נעסט צוריקקעהרען, און ווערט פון גלות אויסגעלעזט ווערען.

די ערשטע אידישע געשיכטע, וועלכע איז געשריבען געווארען, ניט מיט קיין טענדענציעזער שטרעבונג, ניט איינצורייסען זיך מיט די רוימער, ווי עס האט מורא געהאט צו טון דער אידישער היסטא־ריקער יאזעפיוס פלאוויוס, דער ״יוסיפון״ פון יוסף בן גוריון הכהן, ווערט פארענדיגט מיט דער גאולה האפנונג — ועוד יבא יום וקץ פדות וירצה אלהינו לזכור את שבועתו לאבותינו, ויבנה את עירנו, וישכלל היכלנו, ויקבץ פזורנו, ואותנו יקים בבראשונה — עס וועט נאך קומען דער טאג פון דער אויסלעזונג, ווען אונזער שטאדט וועט צוריק אויפגעבויט ווערען, די צוזייטע און צושפרייטע וועלען איינגעזאמעלט ווערען ווי אמאהל, און די שטעדט וועלען ווידער באזעצט ווערען.

יעדען נייטען אב, ווען עס פארזאמעלט זיך דער רוב מנין ובנין פון פאלק אין די שוהלען און בתי מדרשים, און מיט קינה און איכה־טענער באקלאגט עס דעם חורבן־טאג, יענער טאג, וואס איז ביים פאלק פאר אזא וויכטיגען תענית־טאג פארערעכענט געווארען, ווי יום כפור, יענער טאג ענטהאלט אויך אין זיך די אידישע האפנונג.

נאך האלבע נאכט, ווען שטילקייט הערשט ארום, ווען אלעס שלאפט און רוהט, און איז אונטער דער ממשלה פון דער נאכט, צוטראגט זיך דאן דער טרויער־נגון פון חצות, וועלכעס דער איד ריכט אפ מיט א צובראכען געמיט, ווי אן אבל, און די נאכט ווערט דאן פארקלונגען פון די אויסרופען ״קול ברמה נשמע בילילה, קול נהי מציון המהללה״ א שטימע הערט זיך אין הימעל, וועלכע באוויינט ציון, ״על היכלי אבכה יומם ולילה, ולתפארת צון עיר המהללה, ועל עמה אשר הלכו בגולה״, טאג און נאכט וויין איך אויף מיין צושטערטען היכל, אויף ציונ׳ס פארשוואונדענעם רוהם, און אויף׳ן פאלק וואס איז אין גלות פארטריבען געווארען, און צוזא־מען מיט דעם הערען זיך אויך די טענער, וועלכע ווערען שוין ניט געזאגט זיצענדיג ווי אן אבל, נאר שטעהענדיג און שטאלץ,

"התנערי מעפר — וואך אויף פון שטויב, שטעה אויף געפאנגענע פון ירושלים, צועפען דיינע האלז קייטען געפאנגענע בת ציון", און "עד אתה בכיה בציון — ביז וואנען וועט זיין דאָס געוויין אין ציון און די קלאָג אין ירושלים", "יי דער בויער פון ירושלים וועט איינזאמלען די פארשטויסענע פון ישראל"

אזוי טרויערט דער איד ביי חצות, א טרויער צוזאמענגעמישט מיט דער פאלעסטינא האפנונג. א געוויין אויסגעמישט מיט פרייד דענס־טרעהרען.

ואבכה בכי ציון וירושלים — איך וויין איבער ציונ'ס און ירשלים'ס קלאָג, — דיעזער הארצרייסענדער טאן, רייסט זיך טעג־ליך ארויס פון ניט איין אידישער ברוסט, ביי דער תפלת שחרית, א זיפץ, וועלכער קען נאָר געשטילט ווערען, דורך דער גרויסער האָפ־נונג פון שיבת ציון, וועלכע איז אויך אין א צווייטער תפלה פאר־קערפערט געוואָרען אין איינער פון די אכטצעהן ברכות — ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים. —

"און קיין ירושלים דיין שטאדט וועסטו זיך צוריקקעהרען, און וועסט רוהען דאָרטען ווי דו האָסט פארשפראָכען, און וועסט איהר אויפבויען אין דער נאָהענטער צייט, נאָך אין אונזערע טעג" — אזוי בעט דאָס אידישע פאָלק דריי מאָל טעגליך, יעדען טאג פון יאָהר.

ומפני חטאינו גלינו מארצנו — איבער אונזערע זינד זענען מיר פארטריבען געוואָרען פון אונזער לאנד, איבער די זינד זענען מיר דערווייטערט געוואָרען פון אונזער ערד — ביי יעדען אידישען יום טוב, אין די פרעהליכסטע טעג פון דעם פאָלק'ס לעבען, ווערט דער־מאָהנט אונזער אמאָליגער טרויער.

"אלע מזבחות זכור — די דאָזיגע מזבחות פון די הרוגים געדענק דערבארמיגער גאָט, און העלף אונז, און זאמעל אונז איין פון אלע פיער עקען פון דער וועלט, און בוי אונז ווידער מיט פייער דיין שטאָדט ירושלים, און טרייסט אונז פון אונזער טרויעריקייט און שיק אונז דיין משיח, ער זאָל אונז אויפברענגען קיין ארץ ישראל". (פון א ש"ס תחנה), — אזוי בעט די אידישע פאָלקס־פרוי אין

איהרע תחנות, אין וועלכע זי געפינט א טרייסט צו איהר פאר־וואונדעטע הארץ, און קען דען דער אידישער פרוי׳ס באציהונג צו ארץ ישראל אנדערש זיין ווי די באציהונגען פונ׳ם גאנצען פאלק, פונ׳ם פאלק וואס קלאגט —

איך קוק אויף ירושלים ביי מערב וואנד
איך זעה הארט מיינע קינדער, ווי קויל שווארץ,
מען שפארט אן דעם קאפ אויף הער דארער האנד,
מען אכצט, מען קרעכצט, עס קלעמט דאס הארץ,
ניטא אין ירושלים קיין בוים, קיין שטיין,
וואס זאל ניט זיין נאס פון מיינע קינדערס געוויין.
(א פאלקס ליעד)

פאר פיעלע יאהרהונדערטער האט דאס אידישע לעבען באקומען איהר אויסדרוק הויפטזעכליך אין דער תפלה, אין דעם געבעט, אין דער רעליגיעזער השתפכות, ווען דאס גאנצע ארומיגע איז פאר־געסען געווארען און דורך דער תפלה, האט זיך הער איד מיט דער גאטהייט צוזאמענגעגאסען, זיך אין אנדערע וועלטען, אין העכערע עולמות איבערגעטראגען, און דיעזע תפלות זיינען דורכגעוועבט מיט דער ארץ ישראל בענקשאפט און האפנונג.

אין דער שחרית־תפלה, וועלכע ווערט געזאגט פאר קטורת, מאהנט דער איד ביי גאט זיין פארשפרעכען וועגען צוריקקעהר, אז עס זאל וואס שנעלער מקוים ווערען דער צוזאג, אין א צווייטער תפלה, אין דער שירה ״אז ישיר״ בעט דער איד ״תבאמו ותטעמו בהר נחלתך״, ברענג זיי און פלאנץ זיי אין דעם לאנד.

תקע בשופר גדול לחרותנו — בעט דער איד אין שמונה עשרה, און ער איז אויך מתפלל אין די ראש חודש און חול המועד טעג די תפלה ״יעלה ויבא״, אז גאט זאל זיך דערמאהנען אין זיין פאלק, און אין ירושלים.

״ווי א פאטער, וואס דערבארעמט זיך איבער זיינע קינדער, אזוי דערבארעם זיך אויך גאט איבער אונז״ — איז איינס פון די פיעלע מאטיווען, מיט וועלכען די אידישע תפלה איז איינגעוועבט.

ביי "ברכת המזון", ווען דער איד דאנקט דעם בורא, זיין שפייזער, רופט ער אויך אויס "ובנה ירושלים עיר הקודש במהרה בימינו" — בוי אויס ירושלים די הייליגע שטאדט, נאך אין אונ־זערע טעג. ווען דער איד איז מקבל שבת, נעהמט אויף די קעניגין שבת, דאן איז איינע פון די באגריסונגען, מיט וועלכע די שבתא־מלכתא ווערט באגעגנט, "מקדש מלך" און דער "התעוררי, התעוררי", א געבעט אין וועלכען די זיכערהייט ווערט אויסגע־דריקט, אז דער סוף, די גאולה איז נאהענט, און גאט'ס כבוד וועט זיך דארטען ווידער באווייזען. ווען דאס הויז ווערט מיט דער שבת־ליכט אנגעפילט, ווען די וואכעדיגע דאגות זיינען פארגעסען, זינגט דער איד אין זיינע "זמירות לליל שבת", אז ציון זאל ווידער מיט מענשען אנגעפילט ווערען און א ניי געזאנג זאל זיך דארטען הערען, קומט דער שבת פריה־מארגען, דאן בעט ישראל סבא, אז דער אב הרחמים זאל ניט פארגעסען אין זיין פארשטויסען פאלק, נאר זיין ווילען זאל זיין אויפצוברענגען אונז — "בשמחה לארצנו", מיט פרייד אין אונזער לאנד אריין. האלט דער שבת ביים אוועקגעהן, פארגעסט ניט דער איד צו בעטען, איידער די גרויע וואך קומט אריין "שב יי את שבות יעקב".

ניטא קיין איין געלעגענהייט, ווען דער איד זאל ניט בעטען אויף שיבת ציון, ווען דער איד זאגט ערב ראש חודש "יום כפור קטן", בעט ער, "תקום תרחם את ציון קדשנו", דערבארעם זיך איבער דער הייליגער ציון. ווען ער בענשט ראש חודש, דריקט ער אויס די האפנונג, אז "הוא יגאל אותנו בקרוב", בענשט ער חנוכה ליכט בעט ער "חשות זרוע קדשיך, וקרב קץ הישועה" — דערנעהענטער די גאולה, און זאגט ער סוכות הושענות, דאן בעט ער ווידער "ותשיב שבות אהלי יעקב", — קעהר אום די פארטריבענע פון יעקב'ס געצעלטען, רחם על ציון כי היא בית חינו — דערבא־רעם זיך אויף ציון, ווייל זי איז אונזער לעבען, בעט דער איד ווען ער איז עולה לתורה שבת צו מפטיר.

זייט דעם חורבן בעט ישראל צו גאָט, וואָס איז א מנחם ציון, ציונס טרייסטער, א בונה ירושלים, ירושלים׳ס אויפבויער.

אין דעם טאג פון דער גרעסטער פרייד ביים מענשען, אין דעם חופה־טאג, ווערט א גלאָז צובראָכען אונטער דער חופה, כדי זיך צו דערמאָהנען אינ׳ם חורבן און עס ווערט געבעטען, אז פרייד זאָל זיך וויעדער הערען אויף די גאסען פון ירושלים.

פארקלייבט מען זיך אין סוכה צו פייערען דעם שעהנעם ״אמאָהל״, ווען מיר האבען אונזערע אייגענע תבואות פארמאָגט, ווען דאָס פאָלק האָט זיך געפרעהט מיט זיין חג האסיף, בענשט דאַן דאָס פאָלק איבער די פרוכטען פון אָריענט, פון ארץ ישראל, דעם אתרוג, לולב, און הדס, אום צו דערמאָהנען זיך אין ארץ אבות, און בעט ״הרחמן הוא יקום לנו את סוכת דוד הנופלת״, אז די צו־צושטערטע דוד׳ס סוכה זאָל צוריק אויפגעשטעלט ווערען.

נאָך יעדער עסען בענשט דער פרומער איד און בעט ״ובנה ירושלים עירך״, און קומט ער צו דיעזער תפלה, באהאלט ער דאמאָלס דעם עס־מעסער פונ׳ם טיש, צו פארהיטען זיך פון זעלבסט־מאָרד, צו וואָס עס קען נאָך ברענגען דער צער איבער׳ן חורבן, ווי אין אלטע לעגענדע דערצעהלט.

אז דאָס פאָלק בעט ביי גאָט, אז ער זאָל זיך דערמאָהנען אין זיי, בעט עס אויך ״וזכרון ירושלים עיר קדשך״, ער זאָל זיך אויך דערמאָהנען אין דער הייליגער ירושלים, און ווען מיר בעטען אויף ליכטיגקייט, איז עס ניט אויף סתם ליכטיגקייט, נאָר ליכט פאר ציון — ״אור חדש על ציון תאיר ונזכה כלנו מהרה לאורו״ — א נייע ליכט זאָל אָנהויבען צו באלייכטען ציון, און מיר זאָלען נאָך אלע זוכה זיין צו דערלעבען דיעזע צייט — אזוי בעט דאָס פאָלק אין זיינע תפלות, יענער לעבענס־אינהאלט וועלכער האָט אונז געגעבען כח צו קענען אריבערטראגען די גרעסטע יסורים אין אלע צייטען פון אונזער מארטירער געשיכטע, א געשיכטע וואָס איז זיכער געווען מיט דעם, אז עס וועלען נאָך קומען אנדערע טעג, ווען די אידישע מתנות צו גאָט וועלען ביי איהם אזוי ליעב זיין ווי אמאָהל, בשעת

ציונ׳ס גרויסקייט און רוהם — וערבה ליי מנחת יהודה וירושלים כימי עולם וכשנים קדמוניות, יענע טעג, ווען דאָס אידישע מויל וועט ווידער אָנגעפילט ווערען מיט געלעכטער, און דער אידישער צונג מיט געזאַנג, ווען מיר וועלען שניידען מיט פרייד דאָס וואָס מיר האָבען געזייט מיט טרעהרען, ווען עס וועט זיך ווידער הערען דאָס געזאַנג פון דעם שניטער אין פעלד, ווען דער חרמון־טוי וועט וויע־דער אַרונטערנידערען אויף ציונ׳ס בערג, און דאָס לעבען און גליק וועט דאָרטען פאַרגעזעצט ווערען ביז דער ווייטער אונענדליכער איי־ביגקייט, ווען דאָס פאָלק וועט ווידער געבענשט ווערען מיט ציונ׳ס ברכה, וואָס וועט קומען פון דעם באַשעפער פון הימעל און ערד, יענער טאָג, וואָס וועט געבענשט און געלויבט ווערען אלס דער גרויסער טאָג, ווען בית יעקב איז ענדליך געהאָלפען געוואָרען מיט א ״תשועת עולמים״ — מיט דער אייביגער הילף.

מיט די ווערטער ״ובא לציון גואל״, עס זאָל ענדליך קומען ציונ׳ס אויסלייזער, זענען פיעלע אידישע ספרים, הויפטזעכליך רבנישע פארענדיגט געוואָרען, און מיט דער תפלה פארענדיגט אויך דער דרשן און מגיד זיינע דרשות.

חדש ימינו כקדם — בעט דאָס פאָלק וואָס בענקט נאָך דעם גע־בורטס־לאנד פון זיינע עלטערען, און עס האָט נאָך ניט אויפגע־הערט צו בעטען ״טל״ און ״גשם״, און דאָס פאָלק איז זיכער, אז סוף כל סוף וועט די פארשפּראָכענע גאולה קומען —

״משיח בן דוד זיצט אויבען אָן,
אין גאָלד און אין זילבער אָנגעטאָהן,
ער האלט א בעכער אין די רעכטע האנד,
מאכט ער א ברכה איבער דעם גאנצען לאנד,
אמן ואמן, דאָס איז וואָהר,
די גאולה וועט קומען היינטיגען יאָהר.״ —

אזוי זינגט דאָס פאָלקס־ליעד, דאָס ליעד וואָס דערצעהלט וועגען גאולה וועלכע איז מיט שיבת־ציון צונויפגעוועבט —

במהרה בימינו!
דורך וועמען וועט דאס זיין?
דורך משיח צדקנו!
וואס וועט ער אונז מבשר זיין?
יבוא בן דוד גואלנו!
וואס וועט דאמאלס זיין?
ונשוב לירושלים עיר קדשנו!

און אויף דער גרויסער בשורה פון אומקעהרען זיך צוריק קיין ירושלים האפען אלע, אין דעם גלויבען אלע פאלקס־שיכטען. אפילו די פארשטויסענע און די אפגעריסענע, די וועלכע זענען פון דעם אידישען מקור אפגעריסען געווארען, די ביי וועלכע עס איז נאר פארבליבען א שאטען פון זייער אמאהליגער אפשטאמונג, די וועלכע לעבען מיט זכרונות, אויך זיי האפען אויף דעם, און זיי זינגען —

אך טי רבונו של עולם,
זאטשעם טי ניע סמאטריש,
זאטשעם טי ניע וויךיש
מר גלותנו, מר גלותנו

מר גלותנו פערעבודיעם
מר גלותנו פערעבודיעם

פאדיאם לארצנו
ושם נאדיאם אדוננו
ושם נאדיאם בוראנו
ושם נאדיאם גואלנו

און פונקט ווי אין "אני מאמין" ווייסט אויך דאס פאלקס־ליעד פון דיעזען מאטיוו, אז מעג זיך די גאולה פארזאמען, דארף מען האפען, וויל זי וועט זיכער קומען —

סינקו, סינקו, ניע ביעדוי
סוואיע סערדצע ניע זאפסוי
בענדזשע מאטקא וויקופליאנא

בענדזשע כאטקא וויבודאוואנא
באנדז מאנדרי, פאטשאי קאנצא !

דאס הויז וועט אויסגעבויט ווערן, די מוטער וועט באפרייט ווערן, מען דארף נאר האבן געדולד צו קענען זיך דערווארטען דעם סוף, און דער סוף מוז קומען —

אליהו הנביא שטעהט אויף א גרויסען לייטער,
און וועט טון א גרויסען טראמייטער,
„אהיים אין אייער לאנד” וועט ער זאגען,
הערט אויף יאמערען און קלאגען !
(א וואריאנט פון גאט פון אברהם)

אהיים אין אייגען לאנד — בעט דאס פאלק, ווייל אין גלות איז די

תורה פון די אידען ווערט פארגעסען
מען פארמיידט אונז צו דיענען גאט,
רבונו של עולם, לייז אונז אויס פון גלות,
און ברענג אונז אריין מיט כבוד אין ירושלים
דיין שטאדט.
(פון א סאלדאטען ליעד)

ערשט ווען דאס וועט זיין דער פאל, וועט זיך קענען הערען ביי אידען אן אנדער געזאנג, א ניי געזאנג, און ניט דער איכה־נגון —

סינאק, סינאק, סינאק, סינאק,
כאטקא בענדא וויסטראיענא,
זעמליא בענדא וויקופיענא,
טי—זש וו זעמלא אטוועדיעני,
באנדז מאנדר
טשעקאי קאנצי
ונשירה שירה חדשה הללויה.

דער חופה־טאג פארגיט לויט דער אידישער לעגענדע אלע זינד, אבער די אידישע כלה בעט אז איהר חופה זאל געשטעלט ווערן אין ירושלים —

אוי מאמע לעבען ! מאמע קרוין !
לאמיר פאהרען אין ירושלים,
לאמיר פאהרען אין ירושלים,
דארטען וועלען מיר א חופה שטעלען,
טרינקען וועלען מיר "לחיים".
דארטען וועלען מיר א חופה שטעלען,
טרינקען וועלען מיר "לחיים".

(א פאלקס־ליעד).

כל זמן די גאולה איז נאך ניט מקוים געווארען, טאר מען אין ארץ ישראל ניט פארגעסען, און וואס מען זאל ניט טון, מוז מען האבען ארץ ישראל אויף'ן געדאנק.

בויט מען א הויז, דארף מען "אמה על אמה" אלס א שווארצען פלעק איבערלאזען, אום צו געדענקען די אידישע לאנדלאזיגקייט.

תחית המתים איז מיט גלגול־מחילות קיין ארץ ישראל צונויפ־געבונדען געווארען, און אין פיעלע אידישע שטעדט איז עס נאך אין א מנהג פארקערפערט געווארען, דעם מת ריטלאך אונטער די הענט־נעגעל מיטצוגעבען, כדי גלגול מחילות צו פארלייכטערען.

דער גרעסטער שונא ביי אידען, איז דער שונא ציון — "זאל עס צו שונאי ציון'ס קעפ אויסגעהן" — שעלט דאס פאלק, דאס פאלק וואס לעבט אזא טרויעריג לעבען "לאנג ווי דער אידישער גלות", און וועלכעס האפט אויף משיח'ן, "ווייל ווען משיח וועט קומען וועלען אלע קראנקע אויסגעהיילט ווערען" (א אידיש שפראכווארט).

אבער ניט נור אין די תפלות און אין די מנהגים אדער שפריכ־ווערטער און ליעדער האט דאס פאלק געגעבען אויסדרוק צו ארץ ישראל. אפטמאהל איז דאס געבעט און די ארץ ישראל בענקשאפט איבערגעגאנגען אין מעשים ווי בשעת די פארשיעדענע פארזוכען צו באזעצען זיך ווידער אין ארץ ישראל, אדער אין די משיח־באוועגונגען, און סיי נאך גלות בבל, און אי נאך גלות רוים, האט דאך דער אידישער ישוב אפילו אין ארץ ישראל גופא ניט אין גאנצען אויפגעהערט.

''ירושלים'', שרייבט פראָפעסאָר ה. גרעץ אין זיין אידישער גע־שיכטע, ''איז געוואָרען אַ בארג פון רואינען, דער הר ציון אַ מדבר, אָבער קיינע פון די גרויסע הויפּטשטעדט, וועלכע זענען ארונטערגע־פאלען אין שטויב פונ'ם שפּיץ בארג פון באריהמטקייט, איז ניט אזוי געעהרט געוואָרען בשעעת איהר חורבן, ווי ירושלים. די פּאָעזיע האָט איהר פאראייביגט אין די קינות, פסאלמען און תפלות, מיט אזעלכע ריהרענדע טענער, וואָס יעדעס פיהלענדעס הארץ מוז עס פיהלען ביז היינטיגען טאג''. און ניט נור האָט מען דאָס אין הארץ געפיהלט, נאָר עס האָט זיך אויך אויף אלע פאזען פון לעבען פארשפּרייט. אָנהויבענדיג מיט די לויים, וועלכע האָבען ציונ'ס טרויער אויסגעגאָסען אין זייערע תהלים־געזאַנגען, באאיינפלוסט פון די ארץ ישראל מאָטיווען אין דער גאנצער אידישער שאפונג, האָט זיך עס אין לעבען פארקערפּערט אין דעם ישוב ארץ ישראל געדאנק און אין די פארשיעדענע משיח באוועגונגען, וועלכע זענען פאָרגע־קומען פון צייט צו צייט, זייט גלות רוים.

די משיח־באוועגונגען, וועמענס אורשפּרונג עס איז געוועזען די שטרעבונג צו דער ממלכת השמים, צו גאָט'ס־קעניגרייך, האָבען זיך שטענדיג פארוואנדעלט אין אידישע פרייהייטס־באוועגונגען, אין באוועגונגען פאר ארץ ישראל, און אפשר ערקלעהרט זיך מיט דעם זייער טיילווייזער און צייטווייליגער ערפאָלג, וואָס מאסען, אָפּט־מאָהל גאנץ גרויסע, האָבען זיך צוגעהערט צו די פאלשע משיחים, די משיח־שטרעבונגען האָבען דאָך אזא איינפלוס אויסגעאיבט אויף'ן אידישען לעבען, אז דאָס פאָלק האָט מיט דעם אויך פארבונדען זיין באליעבטעסטען נביא — אליהו הנביא, וועלכער וועט קומען צוזאמען מיט משיח בן דוד, און יעדען מוצאי שבת, ווען די נשמה יתירה, האָט זיך נאָך אין גאנצען ניט אָפּגעטיילט פונ'ם אידען, זינגט דער איד אין זיינע האלב שבת'דיגע און האלב וואָכעדיגע זמירות — אליהו הנביא, אליהו התשבי, אליהו הגלעדי, במהרה יבא אלינו עם משיח בן דוד, — אליהו הנביא וועט צו אונז קומען צוזאמען מיט משיח בן דוד.

איינער פון די ערשטע פאלשע משיחים אין אידישען לעבען, טעאודאס, וועלכער האט זיך אין אגריפא׳ס טעג אָנגעגעבען אלס משיח און נביא, האט אויך געפּרעדיגט דעם אויפשטאנד געגען רוים, און די באפרייאונג פון ארץ ישראל פון אונטער דעם רוימישען יאָך (די אידען האבען נאָך דאמאָלסט געלעבט אין ארץ ישראל, און געהאט טיילווייזע רעכט).

דער סיריער סערענוס, וועלכער האט זיך אין דעם יאהר 720 פּראקלאמירט אלס משיח, האט פארשפּראָכען גלייך אין אָנפאנג זיינע אָנהענגער, אז ער וועט ארויסטרייבען די מאכמעדאנער פון ארץ ישראל, און דאָס לאנד וועט צוריק אריבער אין אידישען באַזיץ. דאָס זעלבע האט אויך פארשפּראָכען א צווייטער פאלשער משיח, וועלכער האט זיך באוויעזען מיט א דרייסיג יאהר שפּעטער אביי אבו־איסא בן אושאק פון פערסיען. ארום דאָס יאָהר 1160 האט דער האלבער־משיח דוד אלראי, אָדער מנחם בן שלמה, ארויסגעלאָזען אן אויפרוף צו די אידען פון אזיען, אין וועלכען ער האט ערקלעהרט, אז ער איז געשיקט פון גאָט צו באפרייען זיי פון׳ם מאכמעדאנישען יאָך, און צו פיהרען זיי צוריק קיין ירושלים, אן אויפרוף, וועלכער האט געפונען פיעלע ענטוזיאסטען, וואָס האבען געענטפערט דעם רוף, און וועלכעס האט זיך שפּעטער געענדיגט גאנץ טראגיש פאר די אידישע קהלות אין אזיען.

מיט׳ן וואוקס פון דער קבלה ביי אידען, איז צוזאמען מיט׳ן מיסטיציזם אלץ מעהר פארפעסטיגט געוואָרען דער משיח געדאנק, א געדאנק וועלכער האט געמאכט פון איין זייט פאר איינעם פון די דרייצעהן עקרי היהדות דעם אני מאמין — אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח — און פון דער צווייטער זייט ארויסגערופען די פאלשע גואלים און משיחים, און דאָס לעצטע ,וועלכעס האט זיך ערשט געענדיגט מיט דער שבתי־צבי באוועגונג, האט תמיד געהאט ארץ ישראל אלס הינטערגרונד, צו באזעצען דאָס פאָלק אין ארץ ישראל.

"די אידען האָבען קיינמאָל ניט פארגעסען אין ירושלים", שרייבט נחום סאָקאָלאָוו אין זיין הקדמה צו דער "היסטאָרי אף זייאָניזם", "און דיעזער געפיהל איז קיינמאָל ניט אפהעגגיג געוועזען פון דעם יחיד, נאָר אזוי האָט געפיהלט דאָס גאנצע פאָלק", — און ווירק־ליך פון צייט צו צייט איז דיעזער געפיהל פונ'ם פאָלק נתגלה געוואָרען אין זיין העכסטער פאָרמע, אין די פארזוכען צוריק צו באזעצען ארץ ישראל.

טראָץ אלע דורכפאלען דורך די פאלשע משיחים צו בויען ארץ ישראל פאר א אידיש לאנד, האָט אָבער ארץ ישראל קיינמאָל ניט אויפגעהערט, בלויז מיט קורצע אונטערברעכונגען, צו האָבען אידישע קהלות, קלענערע און גרעסערע, און ישוב ארץ ישראל האָט שטענדיג פארנומען אן אויבען אן אין דעם לעבען. צי דאָס לעצטע האָט זיך אויסגעדריקט דורך אויפהאלטען כוללים און ישיבות אין ארץ ישראל, דורך גרינדען קאָלאָניעס דורך דער חברה חובבי ציון, אָדער דורך שאפען יוגענט־אָרגאניזאציעס פון דעם ביל"ו טיפ — צייגט עס דאך נאָר, די שיכות צווישען ארץ ישראל און דאָס לעבעדיגע אידישע פאָלק.

רב יהודה הלוי, רבנו סעדיה גאון, רב שמואל בר' שמשון, דער רמב"ן, דער בעל שם טוב — דיעזע אלע אידישע געלעהרנטע און מקובלים האָבען געשטרעבט צו באזעצען זיך אין ארץ ישראל, און האָבען בלויז אויסגעדריקט די שטימונג, וועלכע האָט געהערשט אין אלע פאָלקס־רייהען.

און האָט דען ניט דער צוואנציגסטער יאָהרהונדערט געשאפען ביי אונז א נייע משיח באוועגונג, א באוועגונג וואָס איז טיעף אין הארצען פון פאָלק איינגעדרונגען.

אמת דאָס מאָהל איז עס שוין ניט קיין מיסטישע באוועגונג, איהרע באשעפער פרעטענדירען אויך ניט צו זיין קיין גאָט'ס געזאלב־טע משיחים, דער גרונד־געדאנק אָבער, ישוב ארץ ישראל איז דאך ווידער צום לעבען געקומען, צוערשט דורך דער חובבי ציון באוועגונג און שפעטער דורך פינסקער און הערצל, אין דעם מאָדער־

נעם ציוניזם, וואס האט צום פאלק די לאזונג געבראכט — "אויב איהר ווילט איז עס ניט קיין לעגענדע."

די געשיכטע פון דעם מאדערנעם ציוניזם האט פיעלע מאמענטען, ווען די ארץ ישראל שטימונג פון דעם פאלק איז אנטפלעקט געווארען אין דער גאנצער גרויסקייט, די קרבנות פון די העלדישע ביל"ו'צעס, די שומרים, פיעלע פון וועלכע האבען מיט זייער לעבען באצאהלט וואכענדיג אויף זייערע פאסטענס אין יהודה און גליל, דער אמעריקאנער אידישער לעגיאן פאר ארץ ישראל בשעת דער לעצטער וועלט־קריעג — אין זיי אלע האט זיך בלויז אנטפלעקט דאס, וואס דאס פאלק האט געדענקט און געפיהלט, דאס פאלק, וועמענס ערשטע מאדערנע צייטונגען אפילו האבען זיך גערופען מיט נעמען, וועלכע האבען דערמאהנט אין ארץ ישראל — (צוויי פון די ערשטע צייטונגען ביי די אידען אין רוסלאנד זענען געווען דער "ציאן" אין רוסיש, און דער "כרמל" אין העברייאיש).

דאס אידישע לעבען איז אין גלות, דער אריענט איז פארטריבען געווארען אין אקסידענט, און ער בענקט צוריק צו זיין מקור, און די בענקשאפט, און די האפנונג אויף די בעסערע טעג האבען אן אויסדרוק געפונען צוערשט אין לעבען פון פאלק, און שפעטער אין דער ליטעראטור, וועלכע איז א פראדוקט פון לעבען.

די ליעבע צו ארץ ישראל איז ביים פאלק אזוי גרויס, אז עס איז אמאל געפאהרען וועניגסטענס אהין שטארבען, און יעצט אויפגעלעבט דורך דער נייער משיח באוועגונג פאהרט דער יונגער איד אהין ניט שטארבען, נאר א ניי לעבען צו בויען. דארטען, וואו עס האט זיך אמאל געהערט דער בכיה טאן פון די מתפללים ביי דער איבערגעבליבענער וואנט, הערט זיך יעצט דאס קלאפען פון האמער, וועלכער בויט אויף דעם נייעם ישוב. די וואנט, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען צווישען דעם פאלק און זיין באשעפער, זייט דאס לאנד איז חרוב געווארען פאלט איין, דאס אידישע לאנד און דאס אידישע פאלק ווערען ווידער איינס. דאס אידישע פאלק האט זיך קיינמאל פון ארץ ישראל ניט ענטזאגט, איז שטענדיג

פארבונדען געווען מיט זיין ארץ אבות, אבוואהל דער בונד איז גע־
ווען אין אונגארמאלער.

דאס פאלק האט טריי געהיט די שבועה, געשוואוירען ביי די
טייכען פון בבל, און פונקט ווי די דאמאלדיגע לוויים־מארטירער,
האט דאס היינטיגע לעבען ארויסגעבראכט די נייע מארטירער, די
שומרים, די זיך אויפאפפערענדע פיאנערען, די חלוצים, וועלכע
ווילען שפאן נאך שפאן די ארץ ישראל ערד צוריק פאר אידיש מאכען.

"די ווילדע טויב האט איהר נעסט, דער פוקס זיין נארע, די
מענשהייט איהר לאנד, ישראל נאר דעם קבר" — אבער פון דעם
קבר לעבט ווידער אויף די איבערגעבליבענע חוט השדרה, וואס האט
די גאנצע צייט געהאפט אויף תחית המתים, און עס ציהען זיך די
טרוקענע ביינער ווידער מיט פלייש אן.

די אידישע לאנדלאזיגקייט האלט ביי איהר ענדע — ציון במשפט
תפדה, ציונ'ס ערלייזונג — דער טאג דערנעהענטערט זיך מיט
ריעזען־טריט, און דאס פאלק גלויבט, אז עס האט זיך אין זיין
האפנונג, וועלכעס עס האט געטראגען יאהרהונדערטער ניט אפ־
גענארט. דער אלטער "אוי, מה היה לנו", וועלכער האט פאר־
טומען דאס גאנצע אידישע פאלקס־לעבען ווערט פארביטען דורך דעם
פרייהייטס־טרוים, דורך דעם חלום פון שאפען א ווידער־פאראייניגונג
צווישען פאלק און זיין לאנד — ארץ ישראל.